# פֿון דוד לאָרמאַן




לידער און פּאָעמעס

פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישׂראל

1970

# דער געבענטשטער טאָג

כ׳האָב ליב דעם טאָג ווען כ׳בין פֿאַרטאָן,
ווען כ׳וועק זיך אויף פֿון שלאָף גאַנץ פֿרי,
ווען ס׳שפּאַנט דער יאָך מיך איין אין שעהען —
און זייגט אין זיך אַריין מיין מי.

ווער דאַרף אים גאָר דעם אַלטן וועקער —
מיין פֿינגערשפּיץ שטעלט אָפּ זיין קלאַנג;
עס זינגט די וועלט אין אַלע עקן
איך בין אַ טייל אויך פֿון געזאַנג.

מיין טאָג גייט אויף, געבענטשט מיט זאָרגן, —
איך גורט זיך אָן מיט מוט און פֿליים;
די ראַדיאָ ברענגט מיר אין פֿרימאָרגן
פּיין און פֿרייד אין ברעקלעך נייעס.

איך פֿאָר אין שאַפּ אַריין אויף מיילן —
געזעגן זיך מיט קינד און ווייב.
כ׳האָב ליב צו איילן זיך, צו איילן —
און היטן, ווי דער זייגער טרייבט.

דער וועג צום שאַפּ איז אויסגערעכנט —
איך גראָב אין צייטונג איין מיין בליק.
עס זינגט די וועלט אויף אַלע שפּראַכן
ס׳ליד פֿון שאַפֿנדיקן גליק.

מיין מי באַשטראַלט די זון אין פֿענצטער —
און יאָגט זיך אויף מיין נאָדלשטאַנג;
אַ טאָג אַזאַ איז אַ געבענטשטער —
אַ געבענטשטער טאָג אין צוואַנג...

1949

# אין אַ ליידיקן מאַנטיק

עס זשומען די בינען און ס׳שמייכלען די בלומען —
ס׳איז זוניק דער דרויסן און בלוילעך דער הימל;
כ׳בין היינט נישט אַוועק — און צוריק נישט געקומען —
ס׳איז מאַנטיק — איך זיץ אין דער היים און איך דרימל.

שוין ס׳וויפלטע מאָל כ׳האָב גענומען זיך לייענען,
נאָר ס׳איז מיין געדאַנק פון די שורות פאַרקראָכן;
מיין שאָטן — ער הענגט אויף דער וואַנט ווי פאַרשטיינערט —
וואָס טו איך אין שטוב איצט, אין טאָג פון דער וואָכן?

איך זיץ אויף דער סאָפע, פאַרטראַכט און פאַרדאַגהט —
עס עקבערט אין מוח די שרעק פאַרן מאָרגן.
ס׳איז מאַנטיק — וואָס זיץ איך אין שטוב איצטער ליידיק?
איך שפּיר ווי אַ דרימל פאַרוועבט מיינע אויגן.

עס טראָגט מיך דער חלום צום שאַפּ און מאַשינען;
איך זיץ דאָרט פאַרהאַוועט, און יאָג זיך, און רודער.
מיך מונטערט מיין שכן: דו ניי, וועסט פאַרדינען!
— אָט טראָגט מען די „פעידע", ס׳איז פרייטיק היינט, ברודער.

נאָר פּלוצלינג ווערט גליקלעכער חלום צערונען,
כ׳צעוועק זיך פון שלאָף, און איך רייב זיך די אויגן.
ס׳איז ליידיקער מאַנטיק — גייט אויף מיר אין זינען —
דער פרייטיק — ער איז מיט מיין חלום פאַרפלויגן...

1949

# דער באָס אין שאַפּ

ווען ס'דרייט זיך דורך דער באָס אין שאַפּ
צווישן די מאַשינען,
און זוכט מיט אויגן גיריקע,
ווי ס'זוכט אַ פישעריונג זיין פאַנג —
שווימט אויף פון הארץ אַ חשד צו אים אין זינען
און לייגט זיך שווער און בייז אַוועק
אויף זיין געדאַנק.

עס מעסט זיין בליק אוים
יעדן ארבעטער באַזונדער
און וועגט אויף דער וואָג פון זיין געדאַנק
אין ווערט פון גאָלד.
ווער ס'איז אַלט און קראַנק,
צי סתם, אין פּאַך אַ קאַליקע — אַ ווונדער,
און ווער ס'איז גאָר אַ הייסער יוניאָנמאַן,
אַ יאָלד.

— מען רירט זיך קוים,
אַ פולער מושב-זקנים —
ער ווייסט אַליין נישט,
וואָס ער מורמלט אין דער שטיל —
כ'האָב הענט געבונדענע, און ס'ארט נישט קיינעם,
און יעדער רייסט פון מיר,
און יעדער וויל...

און ס'טרעפט —
ער גיט אַ לויף צו אַ מאַשין מיט אַ געבייזער
און גיט אַ יאָג צו אַ מאַשין מיט אַ געשריי:

— אַזאַ מלאכה וועט מיך טרייבן אין די הייזער —
וואָס איז דאָס פּאַר אַ וויסטיקער געניי?
קוקט אָן אַ „סטימטש״*) —
תכריכים נייט מען שענער!
אַז ווו אַ „קריפּל״ טרעפט עס אָן צו מיר —
און ער גיט אין כעס אַ קוויטש:
— איי, זאָל עס שוין ברענען,
די גאַנצע יוניאָן האָט זיך אָנגעלייגט אויף מיר!

עס וואַקסט דער פאָרמאַן**) אויס
און לייגט נאָך־צו אַ קנייטל...
און ס׳שטייט דער באָס, און בייזערט זיך,
און ברענט.
פון וויטנס וואַרפן זיך אַהער די בליקן פון
אָפּערייטאָרס
און ס׳ציטערן ביי זיי, פון אויפרעגונג, די הענט.

יאַנואַר 1950

---

*) אַ שטאָך.

**) פאָרמאַן — אויפזעער אין שאַפּ.

# אַ רוטאָג אין שאַפּ

עס פעלן היינט אין שאַפּ די הענט —
הענגען שאָטנס טויטע אויף די ווענט;
און נאָר דער זייגער וויסט נישט פון קיין רו,
ציילט ער די מינוטן שעה נאָך שעה, —
קיינער שטופּט אים נישט קיין צייטקאַרטל אין מויל —
ציילט ער די מינוטן נאַכלעסיק און פויל.

דער שטויב אין שאַפּ קאָן קיין רו נישט פאַרגינען —
צעלייגט ער זיך אויף מאָטאָר און מאַשינען,
און ווו ער קאָן אַ ביסל פעטקייט נאַשן —
ווייל שטויב האָט ליב צו פרעסן אומגעוואַשן...
און ס׳גלאַנצט די שניידמאַשין, מעסערדיק און קאַלט —
אַז ס׳האָט די זון דורך פענצטער זיך צעשטראַלט.

ס׳ליגט צעלייגט דאָס נישט־פאַרענדיקטע געניי;
אַ קרומע נאָט, וואָס ריכט זיך אויפן פאָרמאַנס אַ געשריי,
איז גאָר צופרידן, וואָס מען זעט אים נישט אין שאַפּ.
נישט איין מאָל זאָגט זי אים, אויף שטום־לשון: „שאַראַפּ"*)!
און פאָרמאַן בייזערט זיך משונהדיק און ווילד —
איצט ליגט די קרומע נאָט און שמייכלט מילד...

אַזוי גייט רוטאָג אָפּ דאָ, שטילערהייט, פאַרטראַכט
און גרייט די כּוחות אָן צו מאָרגנדיקן שלאַכט.
און ציִען וועט זיך לאַנג און וויטיקדיק — די וואָך
ביזן לעצטן, מידן, מאַטערדיקן שטאָך.
און דאָך קומט רוטאָג אָן אַ זוניקער, צעהעלט,
ווייל אָן דער מי — געשטאָרבן וואָלט די וועלט...

---

*) פאַרגרייזט, אָדער פאַריידישט, פון ענגלישן וואָרט „שאַט־אַפּ", וואָס מיינט: האַלט דיין פּיסק.

# העי מיסטער, מיסטער...

ווען ס׳שאַרט זיך אָפּ די נאַכט פון האָריזאָנט
אויף וואָלקנס הויקערדיקע, גרויע.
און ס׳בלויט דער טאָג אויס זיין גוטמאָרגן
צו דער וועלט
גייט דזשים, דער נעגער־יונג, אויף גאַסן
טונקעלע, פאַרטרויערט,
און הוידעט זיך אויף זיינע שווערע פיס —
און שעלט.

ער שעלט דעם באָס,
און שעלט זיין אייגענע און שווערע דאָליע.
ער שעלט זיין ווייב, וואָס וועקט אים אויף
פון שלאָף מיט איר געוואַלד.
— דזשים, האָסט צייט נאָך —
זאָגט ער זיך אליין
און גייט פּאַוואָליע —
אַז סיי־ווי ווערסטו אויסגעשפּילט
און אַלט.

עס ברעכן נאָך פון טאָג פון נעכטיקן
די קריזשעס;
וואָס האָט ער נעכטן נישט צעדזשוויגעט
און צעשלעפּט!
עס האָט זיין האַס צום ווייסן באָס
אַ גאַנצן טאָג זיין אינגעווייד
געגריזשעט;
— העי, דזשימי, ריר זיך!
וואָס שלאָפסטו דאָרטן?

„פּעפּ", *)
גלאַזיר די שיך
און מאַך דאָס דאָרטן גיכער,
פאַרקלעפּ די קעסטלעך —
גיט זיין קול אַ שאָס.
„העי, דזשים קאָם אָן"!
ביסט לעצטנס גאָר אַ קריכער —
און ס'ענטפערט דזשימי:
„יעסער, יעסער באָס"!

— קער אוים דעם שאַפּ,
און לאָז דאָס מיסט נישט פוילן,
טראָג צו די קעסטלעך נעענטער צום ליפט.
גיב אַכטונג, דזשים,
פאַרשמיר נישט די זוילן!
און דזשים, ער לעקט דעם שוויים,
וואָס האָט פון ליפּן זיך צעטריפט.

דער בור, טראַכט דזשים,
וועט ס'מויל שוין נישט פאַרמאַכן.
ער לאָזט נישט אָטעמען, ער שרייט
און טרייבט און יאָגט.
ער הייבט פון פיין און ווייטיק
אַזש אָן לאַכן —
עס שפּירט דער באָס
ווי דזשימס געלעכטער שלאָגט.

ער לאַכט להכעיסדיק
און ס'מוטיקט זיין געמיט זיך.

*) קוראַזש.

ס'איז ווי אַ פּאַנצער קעגן שאַרף פון שווערד;
ס'זאָגט אָן דעם באָס: העי, מיסטער, מיסטער,
היט זיך!
וואָס מיינסטו, בין איך דיר, אַן אייזל,
צי אַ פערד?

איצט שלעפּט דזשים די פיס
פּאַמעלעכדיק, ווי קוליעס.
ער גייט צום שאַפּ מיט ווייטיק
און פאַרדראָס.
און ווידער וועט ער,
ווי צוויי אייטערדיקע גוליעס
באַגעגענען דעם פאָרמאַן
און דעם באָס.

## חיים סאָלאָמאָן
(פּאָעמע)

עס שטייען, ווי עדות, די שטומע מצבות
אויף אַלטן בית עולם פון „מקווה ישראל״.*)
עס רוען שוין לאַנג דאָרט די יידישע זיידעס,
דעם אָנהייב פון היגן יידישן קהל.

די יידישע עדה, פון וואַשינגטאָנס צייטן,
געשטעלט האָט אויף חלום דאָס לעבן אין קאָן.
איך זע זיי אויף ווינטן פון פרייהייט נאָך רייטן,
באַשטראַלטע מיט גלויבן פון חיים סאָלאָמאָן.

עס הייבן זיך טענער אַרויס פון געוויסן —
זיי רופן און וועקן דאָס פאָלק אויף פון צער.
זיי קלינגען ווי קייטן, וואָס ווערן צעריסן —
קייטן פון הערשער, פון קעניג און האַר...**)

איך שטיי דאָ געבויגן דעם קאָפּ, ווי אַן אָבל,
ביים ערשטן בית־עולם פון יידישן קהל;
און חיים סאָלאָמאָן קומט אַראָפּ פונעם טאָוול,
און פירט מיך — דורך דורות — אַוועק צום אַמאָל.

מיר שפּאַנען צוזאַמען, דורך ספרוס־סטריט, פאַרטראַכטע,
און כ׳זע ווי עס איז אים באַקאַנט דאָ דער וועג;
דעם פרייהייטגלאָק גייען מיר ביידע באַטראַכטן,
אַז ס׳זאָל אונדז דערמאָנען אין גליקלעכע טעג.

---

*) דער ערשטער יידישער בית־עולם אין פילאַדעלפיע, געגרינדעט אינעם יאָר 1740, דורך דער קאָנגרעגישאָן „מקווה ישראל״.

**) קעניג דזשאָרדזש דער 3טער פון ענגלאַנד, הערשער איבער די קאָלאָניעס אין אַמעריקע.

און חיים דערציילט שוין, מיט ווערטער גאָר שטילע,
ער מישט דאָרט די בלעטלעך צוריק אין געדאַנק;
ער שעפּטשעט די רייד, ווי מען שעפּטשעט אַ תפילה —
און ס׳פלעכט זיך דער טרויער אַריין אין געזאַנג.

אין לעבן עס וועבן זיך ליכטיקע מעשים,
און ס׳ליכט פונעם לעבן פאַרווישט נישט דער טויט.
מיין לעבן געווען איז אַ טרויעריקע מעשה
פון זוכן אַ לאַנד זיך, מיט פרייהייט און ברויט...

דאָ האָב איך צו הימלען צעעפנט די אויגן,
געזען, ווי אַ וואָלקן, אַ גרויער, צערינט.
דאָס האַרץ מיינס עס האָט ווי פאַרכישופט געצויגן
צו טראָגן מיין אָטעם צושטייער צום ווינט.

כ׳געדענק נאָך, ווי כ׳רעד, ווי איך רוף פון בעלעמער,
ווען ס׳איז די קהילה פאַרזאַמלט אין שול:
— מיר מוזן איצט געבן פיל מער ווי מיר קענען,
מיר זענען אין גאַנצן אַ הייפל אין צאָל.

אַ הייפעלע יידן, אַ קליינטשיקע עדה —
נאָר דאָ ווערט די פרייהייט געבוירן אין בלוט.
און געלט איז, רבותי, די קלענסטע אבידה —
און ס׳צינדן די ווערטער אָן הייליקן מוט.

און ס׳ענטפערן יידן ביים לייענען די תורה —
עס הערן זיך סומעס, און ס׳הייבן זיך הענט;
און וואַשינגטאָן טרייבט אין די שלאַכטן די מורא —
דאָס בייז און דאָס שלעכטס ווערט אין פייער פאַרברענט.

*

מיר האָבן צוזאַמען פאַרקירעוועט דעם גאַנג
צו זיבעטער גאַס און צו וואַשינגטאָן־סקווער.
איך שפּיר, ווי ס׳גייט אויף אין מיין האַרץ אַ געזאַנג —
איך זינג נישט, איך גיי דאָ און ס׳אָטעמט זיך שווער.

איך וויים, אַז נישט יעדער, וואָס שטאַרבט, איז שוין טויט —
נישט יעדער וואָס לעבט, לעבט אַריבער זיין צייט.
נאָר ווער ס׳האָט אַ ליכטיקן בנין געבויט —
דער האָט ביים לעבן פון טויט זיך באַפרייט.

און חיים דערציילט פון דער גרויליקער נאַכט,
פאַרמשפּט צו שטאַרבן, דורך בריטישע הענט.
ער זיצט אין דער טורמע, פאַרזאָרגט, און ער טראַכט:
פאַר וואָס איז דער ענגלישער פּלאַט נישט פאַרברענט?

ס׳האָט שקר געברויזט דאָרט פון אָנקלאָגערס אַקט,
אַז איך האָב געפּלאַנט צו פאַרברענען דעם פּלאָט.
„נאָך גוט, וואָס מען האָט אים באַצייטנס געפּאַקט״ —
עס שמייכלט דער ריכטער מיט העזה און שפּאָט.

מיין שווייגן פאַרעקשנט האָט ווילד זיי צערייצט —
און איך האָב פאַרשטאַנען, געוווּסט אין פאָרויס,
עס וועט די רציחה דאָ געבן אַ פּלייץ —
דער ריכטער וועט אויסרופן: שולדיק! — און טויט!

*

אַ קאַמער אָן פענצטער, ס׳איז אייביק דאָ נאַכט.
ס׳איז אייביק דאָ פינצטער, די טיר איז באַוואַכט.
איך זיץ אויף דער נאַרע, פאַרצווייפלט ס׳געמיט.
דער זעלנער און איך — און דער טויט אין דער מיט.

איך טראַכט פון מיין רחלען, איך טראַכט פון מיין ווייב.
כ׳האָב ליב מיינע קינדער, ווי ס׳בלוט פון מיין לייב.
אויף יענער זייט טיר, אַ זעלנער — מיין וואַך.
אַ קאַמער אָן פענצטער, ס׳איז אייביק דאָ נאַכט.

ס׳איז, דאַכט זיך, דער זעלנער, וואָס האָט מיר דערלאַנגט
וואַסער און ברויט מיט אַ ציטער אין האַנט.
איך שפיר דאָ זיין אָטעם, איך הער זיינע טריט.
דער זעלנער און איך — און דער טויט אין דער מיט.

*

דער וועכטער, וואָס שטייט אויף דער וואַכטע, איז בלינד —
ער ווייסט בלויז צו פאָלגן און היט זיין באַפעל;
רעדט חיים צום וועכטער, ווי אַ טאַטע צום קינד —
און ס׳צינדן די אויגן זיך ליכטיק און העל.

ס׳רעדט חיים אויף העסיש, ער רעדט צו אים היים —
דער זעלנער פאַרטראַכט זיך: אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד.
נאָר האַרט איז זיין פנים, פאַרכמורעט און בייז —
עס עקבערן רייד דורך דער טיר פון דער וואַנט.

עס לייטערט דער וואָלקן זיך איים אינעם מוח —
דער ייד זעט אים אוים ווי אַ הייליקער מאַן.
און חיים ער רעדט מיט בטחון און כוח —
און שפירט ווי צו פרייהייט ווערט נענטער דער שפּאַן.

עס עפנט דער זעלנער פאַמעלעך די טיר
און ס׳ציטערט דאָס האַרץ אים פון אַנגסטן און שרעק.
ער שעפּטשעט: „אָ, הייליקער, גאָט איז מיט דיר,
און לאָמיר פון אומגליק דאָ גיכער אַוועק”.

*

עס שטייען די בענקלעך אין אַלטן קאָנגרעסזאַל
צעשטעלט ביי די ווענט און פאַרצאַמט מיט אַ שטריק.
זיי האָבן דעם רויש פון אַ מאָל שוין פאַרגעסן —
און חיים געדענקט נאָך דעם רויש ווי מוזיק.

עס קלינגט דער אַמאָל דאָ נאָך שאַרף אין די אויערן,
די הייסע דעבאַטן, מיט קעגן און פאַר —
דער קאַמף איז דאָ שיער געוואָרן פאַרלוירן
צום הערשער, צום ענגלישן קעניג און האַר.

נאָר דזשעפערסאָן האָט זיין באַרימטע דערקלערונג —
געבראַכט צום קאָנגרעס, ווי אַ ברענענדיק ליכט;
געווען זענען טעג דאָ, פאַרצווייפלטע, שווערע —
באַשווערטע פון רייכן, פון טאָרישן שיכט.

דאָס לעבן אויף פראָנטן אין שלאַכטן פאַרוויקלט —
דאָס לעבן איז האַרט דאָ און גרויזאַם און שווער.
די פים פון די זעלנער אין שמאַטעס געוויקלט —
עס פעלן מונדירן, און ס׳פעלט אויס געווער.

און זעלנער מיט בלוטיקע, רויטע באַנדאַזשן
שלייכן אין ווייטיק זיך דורך, דורך דער טיר;
עס מאָלט פאַר מיר חיים דאָ אויס די אימאַזשן
און ס׳דוכט זיך, אַז כ׳זע זיי דאָ גיין אַרום מיר.

זיי טראָגן די פענער פון דרייצן קאָלאָניעס,
און שטעלן זיך מידע אַוועק ביי דער וואַנט.
איך וויל זיי דערלאַנגען מיין האַנט, נאָר איך קאָן נישט —
עס דרינגט זייער ווייטיק אַריין אין מיין האַנט.

נאָר חיים גייט צו צו דער וואַנט · זיך געלאַסן
און טראָגט זיי אַ טרייסטוואָרט, אַ שמייכל, אַ גלעט.
ער רעדט פון פראַנצויזישע שיפן אין האַפן,
וואָס קומען באַפרייען פון שונא די שטעט.

פראַנצויזישע שיפן מיט זעלנער און וואָפן,
און קעסטלעך מיט פולווער, מיט געלט און מיט שפּייז;
כ׳וועל מער שוין נישט דאַרפן דאָ בעטלען און שאַפן
די אָרעמע פּענים אין אייגענעם קרייז.

ער פירט מיך צום גלאָק, און אַרויף אויף די שטיגן
צו זאַלן, ווו בילדער באַצירן די ווענט.
איך הער, ווי ער רעדט מיט זיין פוילישן ניגון —
און ס׳וואַרפן צום טאַקט זיך די יידישע הענט.

אָט איז ראָבערט מאָרים, צעשמייכלט זיך חיים,
און ס׳דוכט זיך, ער שפּרינגט דאָ אַרויס פון דער ראַם.
כ׳באַטראַכט זיין גראַנאַטענעם אָנצוג, דעם נייעם —
און ס׳פּנים איז רויט אים, ווי פייער און פלאַם...

וואָס מאַכסטו, פרעגט מאָרים, וואָס מאַכן די קינדער?
וואָס מאַכט איצטער רחל, דיין ליבע, דיין ווייב?
דערצייל מיר, איך בעט דיך, פון יעדן באַזונדער —
ער גיט אין די הענט זיך פאַר נחת אַ רייב.

אַן עוולה, זאָגט מאָרים, איך שעם זיך פאַר לייטן —
עס איז דאָ אין זאַל נישט פאַראַן דיין פּאָרטרעט,
און וואַשינגטאָן קומט אויף זיין פערד דאָ צו רייטן —
און כ׳זע ווי ער שמייכלט, און כ׳הער ווי ער רעדט:

„נו, גיכער, וואָס שטייט איר דאָ איצט נאָך און פּלאַפּלט?
צערעדט זיך, איך וויים דאָרט, פון נעכטיקע טעג".
דאָס פערד זיינס, דאָס ווייסע, עס הירזשעט און צאַפּלט —
און רייסט זיך מיט אימפּעט צום שליאַכיקן וועג.

עס וואַרטן צוויי פערד דאָ נאָך יונגע און זשוואַווע,
געזאָטלט און גרייט שוין צו געבן אַ פלי —
און חיים, ער זיצט אויף אַ פערד דאָ, אַ בראַווער,
און גיט מיט דעם רימען דאָס צוימל אַ צי.

איך זע: זיי פאַרשווינדן, זיי פאָרן אין דרייען
אַוועק קיין שיקאַגאָ, דורך ציגל און ווענט.
זיי רייטן, די דריי פּאַטריאָטן געטרייע,
זיך שטעלן אַן איינציקן לאַנד-מאָנומענט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

רום צו אייך, וואַשינגטאָן, מאָרים און חיים!
רום צו אייך מוטיקע בירגער פון לאַנד!
זאָל קיין מאָל נישט ווערן פאַרלאָשן די פרייהייט,
וואָס גייט דאָ איצט ווידער דורך פייער און בראַנד.

פילאַדעלפיע, 1948—1953

# אייב לינקאָלן

זיין וואַרעם האַרץ, זיין ליכטיקער געדאַנק,
און זיינע ערלעכע און קלוגע רייד,
זיי שטראַלן אויף נאָך איצט, ווי זונאויפגאַנג,
און טראָגן אָן צום פאָלק די מאָרגנדיקע פרייד.

ס׳איז לינקאָלן שוין איצט אַ לעגענדאַרער גרייז.
זיין צוּיבערוואָרט, ווי אַלטער גוטער וויין.
דאָך קומט ער אָפט צוריק אין אונדזער קרייז
און פירט אַ נעגער־קינד ביים האַנט אין שול אַריין.

די ווייסע לינטשערס שטשירען מיט די ציין,
ווי די שקלאַפן־האַרן — מיט הונדערט יאָר צוריק —
און ס׳טוט אַ בראַזג אין שויב אַ פליִענדיקער שטיין —
ער שפּאַנט פאָרויס, און ציט זיך נישט צוריק.

ער זעט דאָס לאַנד, דער גרויסער פּרעזידענט,
און שפּאַנט פאָרויס, און פירט אַ פאָלק צום ציל.
אַ פאָלק פון מי, פון שווערע אַרבעטסהענט,
וואָס ווילן לעבן דאָ מנוחהדיק און שטיל.

אָן לינטשערס שטריק, אָן די, וואָס צינדן האַס
צום יידנס גלויבן און צום נעגערס ברוינער הויט.
ס׳איז ווייס און שוואַרץ דער שכן אויף מיין גאַס,
נאָר יעדנס בלוט אין אָדערן איז רויט.

1961

## דער רעגן־בויגן

וואָס דערציילט דער רעגן־בויגן
מיט זיינע זוניקע פאַרבן?
עס וועט אויף אונדז נישט קומען מער
קיין מבול...
מיר וועלן פון קיין וואַסערטויט נישט שטאַרבן.
אַזוי דערציילט דער רעגן־בויגן.

איז אַ „דזשעט" דאָ אָנגעפלויגן
מיט אַ רעוון פון מאָטאָרן
און מיט שטיקנדיקע רויכן —
איז דער אַלטער רעגן־בויגן
אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן.

ס'אַרא טייוול, ס'אַרא כעסן
ס'איז דער גלאַנציקער מחבל.
ער קאָן קומען מיט אַ מבול
פול מיט סם און פול מיט פייער.
כ'בעט, אַז ס'זאָל די שעה נישט קומען —
ווייל דאָס לעבן איז אונדז טייער,
און יעדער מענטש אַ גאַנצע וועלט איז.

שריי,
שריי־אָפּ דאָס פייער
און פאַרשעלט עס —
און רוף, אַז מענטש זאָל זיך באַזינען.
עס וועט נישט זיין קיין תיבה,
נישט קיין נח —
נאָר אַ פייער פון אַטאָמישן גיהנום.
זאָל דאָס גרויל און שרעק אַנטרינען —
וואָרנט אונדז דער רעגן־בויגן...

פעברואַר 1962

## דאָ־הי

אומשטערבלעך איז דער מענטש פון מי —
און נאַכט קומט אָן מיט פייער רויט
דאָ־הי —
און ווערט אַ פאָן, אַ פלאַם אין האָריזאָנט —
אַ צווייטער פראָנט...

עמעצער האָט היינט זיין אָטעם אויסגעהויכט
אין גאַנג פון מי —
און מאָרגן וועט די זון אַרויס
מיט פייערדיקן רויך
און שטראַלן,
ווי קיינער וואָלט דאָ נישט געפאַלן,
הי...

איך דאַנק די טעג דערפאַר,
וואָס איך בין דאָ —
אין טויטגעפאַר —
מיט האָר, וואָס בייטן זיך אויף גראָ —
נאָר מיט בטחון לעב איך יעדע שעה
דאָ־הי.

יוני 1962

# דער עלנטער מענטש

בײַ אַ טעפּל קאַווע זיצט ער שעהען־לאַנג
אין רעסטאָראַן —
ער האָט נישט וווּ צו גיין
און וואָס צו טאָן,
און מיד איז ער, ווי ער וואָלט אַ פולע וואָך
געפאָרן אויף אַ באַן.
עס ציט דער שלאָף,
מען טאָר נישט שלאָפן,
האַלט ער קוים די אויגן אָפן —
נאָר קוים פאַרוועבט אַ דרימל זיך,
אַ זיסער —
קומט ער צו, דער אויפזעער, דער מיאוסער,
ער ציט בײַם אַרבל, שעפּטשעט שטרענג:
שלאָפן גייט אַהיים, ס׳איז דאָ צו־ענג.

נו, גיי, דערצייל אים,
אַז בײַ נאַכט קען ער נישט צומאַכן קיין אויג —
ער דערציילט נישט, ער הייבט זיך אויף,
אַנטשולדיקט זיך און גייט אַרוים.

וווּ זאָל ער גיין?
ער לעכצט נאָך רו —
ס׳איז גאָרנישט ווייט פאַראַן
אַן אַנדער רעסטאָראַן,
וועט ער, דער עלנטער, אַרײַנגיין אויך אַהין
און אויסזידלען און אויסשעלטן

דעם מענטשן־מין,
און ביי אַ טעפּעלע מיט קאַווע
אויף אַ ריינעם טיש
וועט ער געגעצן אַ שעה —
דער מענטש, דער עלנטער,
וואָס לעכצט נאָך רו.

מאַי 1964

## דעם נעגערס זינד

ער גייט נישט מער אַראָפּ פון טראָטואַר
ווען ס׳גייט פאַרביי דער ווייסער האַר.
ער בייגט נישט מער הכנעהדיק דעם קאָפּ.
ער לויפט נישט פונעם לינטשערס ביקס,
ווי ס׳לויפט אין פעלד אַ האָז —
ער שטעלט זיך אָפּ, ער פרעגט: פאַר וואָס?
ער פרעגט: צי איז אַ זינד
צו זיין אַ נעגער-קינד?

האָט עמעצער אַ מאָל געלינטשט אַ הונט?
גיי פרעג דער נאַכט, דעם בוים אין וואַלד —
די זון, וואָס האָט, צו מאָרגנס נאָך אַ לינטשינג
זיך צעשטראַלט און אויפגעהעלט —
גיי, פרעג דער וועלט.

פרעג דער מאַמען,
וועמענס זון מען האָט פאַרשלעפּט ביי נאַכט
צום נאָענטסטן וואַלד —
אים דאָרטן אומגעבראַכט,
לינטשעריש קאַלט,
און דערנאָך אים נאָך פאַרברענט.

עס האָט דער לינטשער זיך אַרומגעזייפט
די הענט,
נאָר סיי-ווי-סיי
געבליבן איז דעם נעגערס בלוט אויף זיי.

אפשר האָט דער לינטשער נאָך אין יענער נאַכט
געצערטלט און געקושט זיין ווייב,
געגלעט זיין קינד,
צי אפשר האָט ער גאָר בנעימותדיק געטראַכט,
אַז ס׳איז אַ זינד
צו זיין אַ נעגער־קינד...

יוני 1963

# די בריק הייסט וואָלט וויטמאַן

ס׳הענגט דאָ אַ בריק איצט
אויף שטאָלענע האַרפעס —
שפּילן די ווינטן אויף זיי דאָ
מוזיק.
נישט יעדער קען הערן
די טענער, די שאַרפע —
נישט יעדער איז זוכה
צו האָבן דאָס גליק.

אַ בריק אויפן „דעלאַווער״
זינגט מיר וויטמאַניש —
זי זינגט פאַר מיר לידער
פון גרויסן פּאָעט.
און ער —
אין זיין רו שוין —
האָט גאָרנישט קיין טענות;
עס האָבן היינט ווינטן
די האַרפעס געגלעט.

ס׳יאָגן זיך אויטאָס
אַריבער קיין קעמדן —
עס איילן זיך אויטאָס
אַהין און צוריק.
איך בין ביי דער בריק דאָ
שוין גאָרנישט קיין פרעמדער —
שפּילט זשע מיר האַרפעס
דרייסט די מוזיק.

# כ'ווייס נישט פאַר וואָס

כ'ווייס נישט פאַר וואָס,
און כ'ווייס נישט פאַר ווען,
עס גיט מיר אין האַרצן
אַ טיאָכקע, אַ ברען.

אַן עוולה ביי יענעם —
איז מיין באָבעס דאגה —
און כ'שלאָף נישט קיין נעכט,
אַז מען שיסט אין דער טאַיגע.

עס גיט מיר פאַר בושה,
דאָס פנים אַ פלאַם —
ווען ס'פאַלן די באָמבעס
אין ווייטן וויעטנאַם.

וואָס אַרט מיך דאָס פאָלק,
צי ס'איז ווייס צי גאַר שוואַרץ:
אַ מענטש האָט סך־הכל
נישט מער ווי איין האַרץ.

דאָך גיט מיר אין האַרצן
אַ טיאָכקע, אַ ברען —
און כ'ווייס נישט פאַר וואָס,
און כ'ווייס נישט פאַר ווען.

1965

# וואַרעמע בייגל

שפּעט ביי נאַכט,
אין אַ געפּאַקטן אויטאָבוס,
איך האַלט אַ צייטונג, נאָר איך קען נישט לייענען.
עפּעס נאָגט אין האַרצן אַ פאַרדראָס —
כאָטש אין דרויסן איז די נאַכט
אַן אויסגעשטערנטע, אַ שיינע.

דאַכט זיך, אַז איך הער אַ קול —
עס שעפּטשעט עמעצער מיין נאָמען;
דער אַלטער בעקער, חבר טאָל,
פרעגט מיך צי איך בין פאַרנומען.

נישט פאַרנומען, נאָר פאַרטראַכט —
און איך אַנטשולדיק זיך פאַר טאָלן.
פון וואַנען אַזוי שפּעט ביי נאַכט?
ס'איז גאָרנישט שווער זיך אויסצומאָלן.

דאָס קומט ער איצט פון בעקעריי —
אַ ווײַלע שווייגן מיר אין איינעם.
שווערע הענט, און פיס ווי בליי —
צרות פעלן נישט ביי קיינעם.

דערנאָך פאַרציען זיך די רייד
צום בעקערפאַך,
מען ווערט שוין מידער;
און איך, זאָגט טאָל, פאַרשאַף אים פרייד
ביים לייענען מיינע לידער.

וווּ וווינט איר איצט?
וואָס מאַכט איר אין געזונט?
נו, צרות פעלן נישט ביי קיינעם —
ער גיט אַ הוסט, אַ כאָרכל און אַ ברום:
די זקנה קריכט שוין
אין די ביינער.

פלוצלינג ווער איך פריידיק איבערראַשט,
מיין חבר טאָל, ער בעט זיך פשוט:
נאַט אייך,
נעמט אַהיים, נעמט אַהיים אַ נאַש —
בייגל וואַרעמע, ערשט פריש געבאַקן...

נישקשה, נו,
איר האָט זיך מער ביי מיר פאַרדינט —
און כ׳זע מיין חבר שמייכלט מיט הנאה:
בייגל וואַרעמע פאַר אַ יידיש ליד...
כ׳פאַרנייג זיך שטום פאַר טאָלן
מיט הכנעה.

1965

# זיי פאַלן

זיי פאַלן און פאַלן,
און ווערן פאַרשניטן ווי שטראַלן,
ווען ס׳פאַלט־צו די נאַכט.
עס ווערן די קוילן מגולגל
אין גרוילן פון שלאַכט,
אין אייביקן טרויער פון שלאַכטפעלד —
פאַר נאַכט.

אַלץ, וואָס איז ליב דיר,
און אַלץ, וואָס איז טייער,
צערויבט האָט די שריפה —
צעברענט האָט דאָס פייער
אין טויטשרעק פון קריג.

עס שפּאַנט זיך געלאַסן,
דורך חרובע גאַסן —
אויף קופּעס פאַרשניטענע קינדער
דער זיגער פון קריג.

בערג מיט הרוגים,
מתים אויף מתים —
און ס׳זענען די וואָלקנס אין הימל
גאָר ווייסער.
זיי וואָלטן באַדאַרפט היינט זיין
בלוטיקע, רויטע —
זיי וואָלטן באַדאַרפט היינט

באַקלאָגן די טויטע
מיט רעגנס פון טרערן.

זיי פאַלן און פאַלן,
און ווערן פאַרלאָשן
ווי שטראַלן —
ווען ס׳פאַלט צו די נאַכט.

מאַרץ 1967

# די צייט

די צייט יאָגט מיך נאָך
מיט אַ מעסער,
די צייט לויפט מיר נאָך
מיט אַ שפּיז.
און ס'זענען די יאָרן
ווי פרעסער —
זיי פרעסן אויף יעטוועדן ריז.

איך פיר מיט דער צייט נאָך
מיין רוגז —
און כ'גיי מיר מיין גאַנג
און איך זינג
מיין ליד פון דער צייט,
וואָס זי טויג נישט;
מען איז שוין אַליין אויך
נישט יונג...

ס'איז אפשר נישט שיין גאָר
צו טראַכטן
פון אייגענעם איך,
וואָס פאַרגייט —
ווען פול איז די וועלט נאָך
מיט שלאַכטן —
און ס'באָדט זיך אין בלוט
אונדזער צייט.

פעברואַר 1968

*

שפּילט מיר אַ ליד
פון פאַרגאַנגענע צייטן —
די „פּערי"-שיף איז שוין דאָ איצט
נישט פאַראַן.
זי טרובעט שוין מער נישט אַוועק
אין די ווייטן —
נאָר ס'גייען נאָך דיכטער דאָ אַליין
אין זיין שפּאַן.

ס'זוכן נאָך דיכטער דאָ
יושר און פרייהייט.
זיי שפּאַנען פאָרויס
און זיי זינגען מיט מוט.
און ס'פאָלק איז דאָ אייביק —
ס'פאָלק וויל דאָ פריי זיין
פון אומגליק,
פון דחקות,
פון פּיין און פון רוט.

נאָוועמבער 1968

# אַ טעמע פאַר אַ ליד

כ'וויל אויסטראַגן אַ טעמע פאַר אַ ליד,
אַזאַ, וואָס איז נישט אויסגעטראַכט פון קאָפּ
אַזאַ, וואָס ווערט נישט גרוי און אַלט און מיד —
און לייענט זיך יידישלעך
אַפילו אָנעם טראָפּ.

אַ ליד, ס'זאָל לעבן דורות נאָך מיין צייט —
(ס'איז אפשר חוצפּהדיק אַזאַ פאַרלאַנג?)
איך הער דעם ניגון אויפגיין פון דער ווייט —
און כ'שפּיר, ווי ס'זינגט אין האַרץ שוין
דאָס געזאַנג.

זאָל זיין אַ פאַסטעך־ליד אַרום די שאָף,
ווען בלויער הימל ענגט מיט שטערן אין דער הייך —
און ער פאַרמאָגט גאָרנישט קיין אָנהייב און קיין סוף —
פאַר וואָס זשע שוועבן נאָך אַרום די פאַסמעס רויך?

ס'זעט נאָך נישט מיין אויג די טערקלטויב,
און ס'איז דער מבול פון דער ערד נאָך נישט אַוועק,
און וויסטע חורבות זאָגן קדיש נאָכן רויב
און שטייען שוואַרצע, איינגעהילט אין שרעק.

בלוט אויף בלוט, הרוגים אומעטום...
די גרוילן פרעגן, האַרב שוין:
וואָס וועט זיין?
און ס'ווערט דאָס ליד אין האַרץ ביי מיר
אַ מום —
נאָר ס'רייסט זיך נאָך צו זען
די ליכטיקע שיין.

סעפּטעמבער 1969

# אונדזער ייִדיש

נישט קיין קעניג אויפֿן טראָן,
נישט קיין האַר און נישט קיין קנעכט,
נישט קיין עפּעס אַ זשאַרגאָן —
נאָר אַ שפּראַך ווי אַלע שפּראַכן
אויף צו וויינען און צו לאַכן,
און צו בענטשן און צו שעלטן,
און צו בויען נייע וועלטן —
איז דאָס לשון
אונדזער ייִדיש.

אונדזער ליכטיק מאַמע-לשון
קומט פֿון הערינג פּאַר אַ גראָשן,
און פֿון קאַשע פּאַר אַ דרייער —
און פֿון הייליק פֿלאַם און פֿייער
פֿון קדושים און מאַרטירער,
פֿון די העלדן און די פֿירער
צו אַ וועלט אַ ליכטיקער,
אַ פֿרייער.

ס'איז אַ ייִד זיך גאָר מחיה
ווען מען פּילפּולט זיך אויף ייִדיש,
און ווען ער הערט אַ ליד, אַ נייע,
זיצט ער און ער גאַפֿט פֿאַרחידושט:
הער נאָר ווי דער מזיק זינגט עס —
ס'קלינגט דאָך ייִדישלעך אויף ייִדיש.

ווער ס'פֿאַרלייקנט אונדזער לשון,
דער פֿאַרלייקנט זיינע זיידעס.

דער האָט טיף אין הארץ פאַרלאָשן
דעם נר־תמיד פון מאַרטירער,
און פון העלדן,
און פון פירער
צו אַ וועלט פון רעכט און יושר.

יידיש
איז דער שעת־הכושר
פון דעם צער פון עדות יידן.
פון די געטאָ־ווענט און חושך —
און פון האַנדל, און פון וואַנדל,
און פאַרן אויף יאַרידן;
פון טייטש־חומש,
פון מאַמעס תחינה,
פון בעל־שם־טוב מיט זיין חסידיש;
פון אַ ליכטיקן באַגינען —
פון אַ פאָלק וואָס שאַפט אויף יידיש.

יידיש קומט פון ווייטע וועגן,
יידיש קומט פון טיפע קוואַלן —
און פון זונליכט, און פון רעגן,
און פון בייזע זאַווערוכעס:
פון חתונות און שבע־ברכות
און פון בדחן מיט די גראַמען,
פון פורים־שפּילער און אַקטיאָרן,
פון יונגע זינגענדיקע כאָרן —
און דער עיקר — פון דער מאַמען.

אין די שעפּער, אין פאַבריקן,
אויף בוידעם־שטיבלעך

און אין קעלערס,
האָט זיך אונדזער ליד צעזונגען,
מיט סוכאָטקע אין די לונגען,
פון טעג פון ליכטיקע און העלע.

וואָס-זשע איז דאָס פאַר אַ חידוש,
ווען ס'איז ליב אונדז אונדזער יידיש,
ליב און טייער.
דורכגעגליט האָט זיך דאָס לשון
און געלייטערט זיך אין פייער
פון די שעפער און די בויער.
סיי אין פרייד
און סיי אין טרויער,
דינט געטריי אונדז אונדזער לשון
יידיש.

נאָוועמבער 1958

# מיין מאַמעס לייען־קרייז...

יעדן שבת, נאָכן עסן,
קומען צו אונדז שכנות;
די יינגערע אין שייטלען,
אין קופּקעס די זקנות.

שעמעוודיקע, שטילע —
מאַמעס און באָבעס.
זיי שעפּטשען ווי אַ תפילה:
נעכעלע, גוט־שבת.

מיין מאַמע בעט זיי זיצן,
זעצן זיי זיך אויסעט;
אויפן טיש, אַן אָפענער,
דער טייטש־חומש, דער גרויסער.

שבתדיקע יידענעס —
אין קופּקעס און אין שייטלען
שפּיצן זייערע אויערן אָן
צו מעשיות פון פאַרצייטנס.

מעשיות פונעם טייטש־חומש
לייענט פאַר זיי די מאַמע:
אָפּגענאַרט האָט יעקבן
לבן דער ארמי.

פאַר דער שיינער רחל
געגעבן האָט ער לאהן —
קרעכצן צו די יידענעס
מיט „אויען” און מיט „ווייען”.

זיץ איך אין אַ ווינקעלע
און הער זיך צו צום לייענען;
כ'זע איצט מיין מאַמעס לייען־קרייז
אין לויטערקייט זיך שיינען...

1950

# אַ בריוו צום זיידן מענדעלע

טייערער און ליבער זיידע,
דו רוסט מסתמא איצט
אין ליכטיקן גן־עדן —
און ווייסט גאָרנישט.
פון וואַנען זאָלסטו ווּיסן?
ס'האָבן קוילערס אונדזער לעבן
דאָ צעפּאַלמעסט און צעריסן.

מען פאָרט נישט מער קיין גלופּסק,
מיין ליבער זיידע.
ס'האָט היטלער אויסגעקוילעט
אונדזער גאַנצע עדה
גלופּסקער יידן.
עס ליגן קרעמלעך, חרובע,
צערויבטע און צעפּלינדערטע,
פאַרגאַזטע און פאַרברענטע באַלעבאַטים —
און קופּעס אַש פון אומגעבראַכטע יידן.

מען פאָרט נישט קיין קאַבצאַנסק,
קיין טונעיאַדעווקע,
אויך דאָרטן האָט דאָס זעלביקע געטראָפן.
אַלע הייזער — חרובע,
צערויבטע און צעפּלינדערטע,
און אַלע אונדזערע קדושים וטהורים
שלאָפן.

זיי שלאָפן אינעם שלאָף, אין אייביקן,
מיט ווייבער און מיט קינדער,

אין אַ מאַסן־קבר.
איך זוך אַרום דיינע העלדן:
„דאָס קליינע מענטשעלע",
דיין פּישקע און דיין ביילע,
זיי ליגן צווישן די הרוגים,
זיידע.

נישטאָ די שול,
נישטאָ שוין דאָס בית־מדרש,
די פּעסער שמות האָט דאָ קיינער נישט באַגראָבן.
זיי האָבן אונדזערע בית־עולמס דיך געשענדעט,
וועד־זשע דאַרף נאָך דאָ אַ מרחץ,
צי אַ הקדש האָבן?

נישטאָ, נישטאָ,
ס'איז גאָרנישטאָ, ר' מענדעלע!
אַלץ אַרום איז חרוב און פּאַרטיליקט.
שטעטלעך יידישע, אָן יידן גאָר,
ווי שיקט זיך דאָס?
שטעטלעך יידישע, זיי ליגן
טויטע, שטילע.
שטעטלעך יידישע, אָן יידן גאָר, ר' מענדעלע!
געבליבן זענען זיי נאָך, זיידע,
אין די ביכער.

פעברואַר 1965

## שלום־עליכם
## אינעם ראַדעמער בית־מדרש

לאַנגע טישן, לאַנגע, האַרטע בענק —
פּאָליצעס מיט ספרים
אַרום די ווענט —
און ביי די טישן זיצן יידן,
עלטערע און יונגע,
זיי לערנען מיט דעם אַלטן גמרא־ניגון,
וויגן זיך און זינגען.

פון דרויסן רייסט דער זומער זיך אַריין,
ווי מיט גוואַלד,
פון בעקערמאַנס גאָרטן.

פאַר די בעטלערס אין בית־מדרש,
איז נאָך קאַלט —
שטייען זיי, די הינקענדיקע, קרומע,
ביי די הויכע, קאַלטע, קאַפּל־אויוונס —
דערציילן מעשיות,
נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.

דער שמש, מיט דער ברייטער, שוואַרצער באָרד,
וואָס ווייסט געוויס דאָ,
וואָס מען טאָר נישט — און וואָס מען טאָר —
גיט זיך אַ ריס פון אָרט און לויפט
דעם גאַסט, דעם אָנגעקומענעם,
אַנטקעגן.
ווי עס פירט זיך ביי שמשים
פון קדמונים אָן

הייבט ער אָן זיך צו פאַרנייגן —
און ער דערלאַנגט שלום-עליכמען
אַ ברייטן שלום-עליכם...

דער גאַסט,
אין אַ זומערדיקן אָנצוג
פון העלן-גרוי-געוואַנט,
דערלאַנגט דעם שמש, שמייכלדיק,
די האַנט,
און אויף דער פראַגע:
ווי הייסט אַ ייד?
ענטפערט אָפּ אַ שטיפעריש געמיט:
— שלום-עליכם!
— עליכם שלום! —
גיט דעם שמשם קול זיך אַ צעקלינג,
און מיר, קונדייסים,
שטיפעריש און יונג,
פלאַצן-אוים אין אַ געלעכטער.

די בעטלער פונעם אויוון
שטעלן אוים זיך, ווי די וועכטער
ביי דער טיר, דורכצוגיין אַ צעפּ...
זיי וואַרטן אויף נדבות,
מיט דאַנקען אין די מיילער,
צי מיט קללות — ווי עס מאַכט זיך —
ערגערע פון קלעפּ.

שלום-עליכם כאַפּט אַ בליק
און זעט, וואָס עס טוט זיך
ביי דער טיר —

און ווי ער וואָלט זיך גרייטן
אָפּצושפּילן דאָ אַ שפּיל
אויף אַ קלאַוויר,
שמייכלט.

דורכצוגיין דורך אַט דער כאַפּטע
ביי דער טיר, קען מען בלויז
מיט שכל.
ער שטעקט אַריין אין קעשענע זיין האַנט
און נעמט אַרויס אַ זשמעניע זילבערגעלט
וואָס שיינט, ווי טויזנט זונען —
ביי יעדן בעטלער אין די אויגן.
— נאַט! שטופּט ער עמעצן אין האַנט אַריין —
דאָס מינץ, צעטיילט זיך אַלע.
אַרום דעם בעטלער ווערט אַ פינצטערע בהלה —
מען רייסט זיך און מען זידלט,
און מען שעלט:
— גנב, ממזר און רוצח,
גיב אָפּ מיין חלק געלט.

שלום-עליכם שמייכלט קלוג
און קוועלט —
פּטור פון אַ צרה,
וואָס הייסט געלט.

גאָר געלאַסן עפנט ער די טיר
און גייט אַרויס —
אויף זיין אייביקן שפּאַציר...

יאַנואַר 1965

# יודל דער שוסטער
# און שלום־עליכם אין ראָדעם

אַ שטוב אין דער נידער —
מיט אָפענעם פענצטער צום געסל.
אַ שוסטעריש טישל מיט שטיפטן
מכשירים און קלייסטער.
און יודל דער שוסטער,
מען רופט אים דאָ, יידעלע לאַטשאַזש —
ער איז איבער אַלטע,
צעפּאַרענע שקראַבעס
דער מייסטער.

ער קלאַפּט מיטן האַמער,
ער נייט מיט דער דראַטווע,
און שעלט אַ פּאָר אַלטע,
צעדרייטע, קאַמאַשן.
און אָריש, זיין זונדל,
דערגייט אים די יאָרן —
עס גלוסט זיך דעם תכשיט דאָ
צוקערלעך נאַשן.

אָט וויל ער אַ גראָשן,
דערנאָך שוין אַ צווייער —
ער ווייסט גאָר אַליין נישט
וויפל צו ווע לן.
— אָריש,
הער אויף מיר דעם קאָפּ צו
פּאַרדרייען! —
בייזערט זיך יודל אַריין
אינעם בערדל.

אַ צי מיט דער דראַטווע,
אַ קלאַפּ מיטן האַמער:
— דו זעסט דאָך, אַז כ'אַרבעט —
יאָך בין דאָ פּאַרנומען.
נאָך געלט דאַרף אַ יינגל זיך גיין
צו דער מאַמען;
וואָס האָט זיך דיר פלוצלינג
צעוואַסערט דער גומען?

אין דרויסן, ביים פענצטער —
און דאָס איז כּך־הווה —
שטייט שלום-עליכם
און שמייכלט טשיקאַווע —
און ס'נעמט זיך דער שמייכל
אויף ליפּן באַוועגן:
— צי קען מען אַריינגיין אין שטוב
עפּעס פרעגן?

— די טיר איז דאָ אָפן —
זאָגט יודל מיט חידוש —
און קוקט אויפן „דייטש",
וואָס רעדט צו אים יידיש.
וואָס קען ער דאָ דאַרפן,
וואָס קען ער דאָ וועלן?
מען זעט, אַז דער פרעמדער
איז יודלען געפעלן.

וואָס פאַדיען די יונגען
אַרום אים אין דרויסן?
וואָס איז דאָס בייזוונדער?

וואָס איז מען דאָ אויסן?
נאָר שלום-עליכם
פאַרטרייבט אים דאָס קלערן —
און פרעגט גאָר ביי אָרישן
זיינע באַגערן.

אָריש, שוין גאָר אַ פאַרשעמטער
און שטילער —
ענטפערט דעם פרעמדן:
„ציקאַלעך וויל עך"...

קוקט שלום-עליכם
אַרום זיך
אין שטיבל —
און ס'בלאַנקט אין זיין האַנט שוין
אַ זילבערנער רובל.
ער פרעגט זיך ביים יינגל:
— זאָג מיר, ווי הייסט דו?
און זאָג מיר נאָך עפּעס —
אין חדר אַריין גייסטו?

נאַדיר אויף קיכלעך
און צוקערלעך גוטע —
עס ווערט זיך דער שוסטער:
— מען דאַרף נישט,
און ניטע...

עס קענען די יינגלעך
אין דרויסן זיך שווערן,
אַז שלום-עליכם
געוויינט האָט מיט טרערן...

# ביי אַ לעקציע
# פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי

ווערטער און זאצן, געדאַנקען וואָס שטראַלן —
דאָס יידישע לשון איז גאָרנישט געפאַלן.
ווער ס׳רופט דאָס די דינסטמויד,
ווער ס׳רופט דאָס די שפחה —
עס קלינגען די ווערטער
און ס׳ווערט פון זיי ליכטיק.

ער פירט אונדז אַוועק צו די הויכן
און טיפן,
און ס׳לשון איז טייער און שיין
און געשליפן —
נאָר ס׳ווערן געדאַנקען אַלץ שווערער
און שווערער —
אַ זאַל מיט פאַרערער
דאָ זיצן און הערן.

עס ווערן די מענטשן מלאכים, וואָס שוועבן
צו גאָט אין די הויכן,
צום „זין פונעם לעבן״,
צו „איוב און פאַוסט״,
צו „מאַרקסן און העגעל״ —
צו וועלט מיט געדרייטע,
געשלענגלטע וועגן.

כ׳בין דענצמאָל געווען נאָך אַ ייִנגל
אין ראָדעם,

פאַרפּעדעמט אין לעבן
דעם גאָלדענעם פאָדעם
פון יידישן עבר
צום מענטשלעכן עתיד —
און דענצמאָל געוואָרן
זשיטלאָווסקים אַ חסיד.

יאַנואַר 1966

## יאָסל דער רומענישער

אַך, דאָס לעבן,
ס'לויפט ווי וואַסער —
און אויך אַנדערש ווערט די וועלט.
ס'ווערט אַ יונג, אַ יאַט, אַ יאַסער,
פונעם ליד איצט אונדזער העלד.

יאָסל, הייסט ער, פשוט יאָסל,
אונדזער שניידעריונג פון שאַפּ.
אונדזער ליבער חבר יאָסל
אין אַ וועלטל פון כאַפּ-לאַפּ.

*

ס'איז יאָסל יונג אַוועק פאַרדינען
זיין שטיקל ברויט ביים שניידעריי.
ליגט די יוניע אים אין זינען —
און די וועלט זאָל ווערן פריי.

טראַכט ער אָפּט גאָר ביי דער אַרבעט,
ביים גערויש פון דער מאַשין:
יאָסל, לאָז זיך נישט פאַרדאַרבן —
זע, דאָס לעבן האָט אַ זין.

שווער די שניידערישע דאָליע,
קורצער „סיזאָן", לאַנגער „סלעק"...
— עפּעס שלעפּסטו זיך פּאַוואָליע —
גיט דער פאָרמאַן אַ צעוועק...

גוט איז, וואָס דאָס שטיקל יוניע
האַלט די חברה דאָ אין צוים —

זאָל ער שרייען, זאָל ער מאָנען,
יאָסל נייט און הערט אים קוים.

*

ביי יאָסלען ווערט אַ בוך אַ ספר —
און דווקא גאָר אַ יידיש בוך.
לייענט ער דאָ מיט ברען און אייפער —
און ער טוט עפּעס דערנאָך.

נעכט פאַרקייטלען זיך אין יאָרן, —
יאָסל טראָגט זיך מיט אַ פּאַק;
ער ווערט אַליין אַ מוכר־ספרים
נאָך אַ שווערן טאָג אין שאַפּ.

ווו אַ מיטינג, אַ פאַרזאַמלונג,
שטייט דאָרט יאָסל מיט זיין טיש.
קומט אַ מענטש צו, מישט די בלעטלעך --
קומט צום קויפן, קויפט ער נישט.

ווייל שוין יאָסל איבערצייגן,
זוכט די ווערטער אין זיין שפּראַך:
נעמט זיך „פּענעקן" אַ שטייגער —
און עס קאָסט אייך נישט קיין סך.

אָט איז די „מישפחה מאַשבער"
פונעם נסתר — זייער גרויס!
נעמט אַהיים אַ צוויי־דריי ביכער
און צו ביסלעך צאָלט זיי אויס...

אויב ער לייזט נאָר אַ פּאָר דאָלער
פאַר אַ בוך און אַ זשורנאַל,

גיט די פרייד אויף יאָסלס פנים
ווי די זון זיך אַ צעשטראַל.

*

ביי יאָסלען אין הויז איז אַן אָפענע טיר
פאַר שכנים, חברים און פריינד.
און ס'טרעפט, ווען אַ חבר צעעפנט זיין טיר,
זיצט יאָסל ביים קיכטיש און לייענט.

— איך לייען אין קיך דאָ — פאַרענטפערט זיך יאָסל —
אַ שטול, אַ געבעטע, איז סם.
איך ריכט דאָ אָפּ חצות
ביז שעהען גאַר שפּעטע
מיט דעם אמתן יידישן טעם.

אָפט מאָל געפינט איר אים זיצן אין קעלער,
דאָס קלעפּט ער אריין אין אַ בוך.
ער קלעפּט ביז עס ווערן די אויגן אים שמעלער —
ביז ס'מאַטערט אין גוף אים דער שלאָף.

ער קלעפּט אַלץ און קלעפּט,
און ער גיט זיך נישט אונטער,
אַ ליד און אַ צייטונג-נאָטיץ.
ער שפּירט מיט זיין פאָלקישן חוש,
דעם געזונטן —
אַז ס'קען אַ מאָל ברענגען אַ נוץ.

ער קלעפּט אַן אַרטיקל,
צי גאָר אַן עסיי, אַ פלוגבלאַט,
אַן אַלטן אַפיש.
ער ווייסט נישט וואָס ס'וועט

פון זיין מי דאָ געשען —
דערווייל איז פאַרוואָרפן דער טיש...

*

יאָסל דערמאָנט זיך מיט שטאָלץ אין זיין זיידן,
עזריאל דער רויטער פון יאַס.
געשמט האָט אין שטאָט שוין מיט נייקייט זיין חדר
צווישן משכילים אין גאַס.

עזריאל האָט די קינדער געלערנט אָן קאַנטשיק,
מיט ליבע געגלעט זיי די קעפּ.
עס האָבן דאָרט טאַטעס געמאָנט און געטענהט,
אַז ס'לערנט זיך בעסער מיט קלעפּ.

קלעפּ — און דער זיידע פלעגט ווערן פאַרדראָסיק —
כ'פאַרריכט נישט מיט גרייזן קיין גרייז,
און ברענגען אַ קלוגן און ליכטיקן פסוק,
אַ משל, אַ מאמר־חז"ל...

זיין ליכטיקער זיידע, עזריאל מלמד,
געלערנט האָט מיט קינדער תנ"ך.
דער טאַטע, דער לערער, זינדיקט נאָך מערער —
מיט לערנען זיי דקדוק און שפּראַך.

*

ווען ס'קויפט זיך אַ חבר אַ מלבוש אַ נייעם,
זאָגט יאָסל מבינות גאָר שטרענג.
ער קוקט אויף די אַרבל, באַטראַכט ווי זיי שטייען —
צי איז נישט דאָס רעקל צו ענג.

אַ בליק אויפן קאָלנער, אַ גלעט אויף די לאַצן,
דערנאָך ערשט באַטראַכט ער די נעט.

— נישקשה, — זאָגט יאָסל — זיי וועלן נישט פּלאַצן,
סיידן וועסט ווערן צו פעט.

אַז יאָסל האָט ליב גאָר אַ גוט שטיקל אַרבעט,
דאָס איז שוין פאַר קיינעם קיין סוד;
נאָר ס'לייגן אַוועק אויפן שטערן זיך קאַרבן
און ס'לויפן די יאָרן גאַלאָפּ.

ס'טרעפט, אַז עס הייבט אים אָן קלעמען ביים האַרצן,
ער מאַכט דאָס אַוועק מיט דער האַנט.
אָט דאַרף ער דאָ היינט נאָך די אַרבל פאַרשאַרצן —
באַפּוצן אין שולע אַ וואַנט

מיט בילדער פון יידישע שרייבער און דיכטער,
און צעהענגען מיט חשיבות, ווי ס'פּאַסט.
אַ יידישע שול מוז זיין וואַרעם און ליכטיק —
צעשמייכלט זיך יאָסל פון יאָם.

מענדעלע, פּרץ און שלום-עליכם
פאַרנעמען דאָס פּלאַץ אויבן אָן.
דעם זיידן ווינטשעווסקין דערלאַנגט ער אַ שמייכל,
נישקשה, ס'איז דאָ וואָס צו טאָן.

קומט צו אַ שמחה, ווערט יאָסל גאָר פריילעך,
וואָס פריילעכער קאָן שוין נישט זיין.
ער פירט די קאָמאַנדע ביים טאַנצן אַ קיילעך
און גיסט אָן די גלעזלעך מיט ווײַן.

ער מונטערט דעם עולם צו זינגען אַ לידל
ער גיט אויף צושטייער זיין קול.

אויף שמחות ווערט יאָסל גאָר יונג
און צופרידן,
אַראָפּ פליט פון קאָפּ אים דער עול.

*

נאָכן חורבן אין אייראָפּע,
נאָך גרוילן פונעם גרויסן בראָך,
געבליבן זענען טליִענדיקע יידן
וואָס לעכצן נאָך אַ ספר,
נאָך אַ יידיש בוך.

דערגרייכט דער רוף
צו יאָסלס אויער —
און ביכער ליגן דאָ פאַריתומט
און פאַרשעמט.
זיי ליגן דאָ אין קעלערן פאַרטרויערט
און בעטן זיך ביי יאָסלען:
— קום און נעם!

ביכער, ס'האָט געזאַמלט זיי דער טאַטע —
זענען פון די קינדער ווייט און פרעמד.
און יאָסל קלייבט זיי אויף פון הייזער זאַטע —
זאָלן זיי נישט ליגן דאָ פאַרשעמט,

אַז דאָרטן, אין דעם חרובן אייראָפּע,
קען אַ בוך דערהייבן און דערפרייען,
און אָנצינדן די וואָלקנדיקע טעג מיט זון,
און לינדערן דעם ווייטיק און די ווייען,

און אויסלערנען דעם אלף-בית אַ יידיש קינד,
וואָס האָט זיך אין אַ קלויסטער אויסבאַהאַלטן — — — —

און דאָ, אַז ווי איז אונדז און ווינד,
ליגן ביכער יידישע, ווי שמאַטעס אַלטע.

ס'נעמט יאָסל אין דער האַנט אַריין זיין זאַק,
צי גאָר זיין גרויסן אַלטן טשעמאָדאַן,
און ער ברענגט צו זיך אין שטוב אַריין דעם פּאַק,
און ווישט דעם אַלטן שטויב פון זיי אַרום.

ער פּאַקט די פּעקלעך, גלעטנדיק זיי צאַרט,
ווי ס'פלעגט דער זיידע גלעטן קינדערישע קעפּלעך —
און ס'האָבן שטעט און ס'האָבן יידן זיך דערוואַרט
אויף שטראַלן ליכטיקע, אויף יאָסלס פּעקלעך.

קיין לאָדזש און וואַרשע, בוקאַרעשט און יאַס.
קיין באַטאָשאַן, קיין שוועדן און ישראל — — — —
און יעדן שבת טראָגט ער צו דער פּאָסט
דעם זיידן מענדעלע צו אונדזער יידיש קהל.

פּרץ, שלום-עליכם, רייזען, אַש,
ביכער, ווי די פּירות פון די צווייגן.
און עדעלשטאַט און באָווּשאָווערס קוראַזש,
ווי באָנטשע שוויג האָט אויפגעהערט צו שווייגן.

יאָסל פּאַקט די פּעקלעך און ער בינדט,
און פלייסט זיך אויסצוצירקלען די אַדרעסן.
אָ, ביכער טייערע, פאָרט און קומט אָן געזונט,
און טראָגט אַ גרוס צו אַלטע פריינד, צו יאַסער.

גריסט די יאַטן פון דער רויטער-בריק
און דעם אַנסאַמבל פונעם יידישן טעאַטער.

און גריסט די שרייבער און די שעפער פון מוזיק,
און זאָל דאָס לעבן ווערן ליכטיקער און זאַטער.

*

אָ, הענט, איר מידע האָרעפּאַשנע הענט,
צווישן אייך גייט אויף דאָס ליכט, וואָס ברענט,
וואָס לייכט אין פינצטערניש, וואָס העלט און זינגט —
יאָסל דער רומענישער, מיין חבר יאָסל.

1952

# צו דער רו פון זיינע זיידעס

(אויפן קבר פון ה. לייוויק)

אויסגעטאָן האָט זיך זיין גייסט פון קראַנקן גוף,
און אויסגעטאָן האָט זיך זיין גוף פון צער אוןליידן.
ער האָט איינגעדרימלט צו אַן אייביק טיפן שלאָף —
און צו דער שטילער רו פון זיינע זיידעס.

עס בלייבט אין פאָלק דאָס ליכט פון זיין באַשאַף.
עס בלייבט אין פאָלק דער גרויסער דיכטער לייוויק.
אין יעדן זילב פון וואָרט, אין לויטערקייט פון ליד,
לעבן וועט ער, לעבן וועט ער אייביק.

נישטאָ שוין מער פאַר אים קיין טורמעווענט,
קיין קייטן אויף די הענט און פיס.
אַוועק איז אויך אין אייביקייט דער ריס —
געבליבן איז דער גלויבן און דאָס האָפן,
אַז אייביק לעבן וועט זיין פיל געפייניקט פאָלק,
און אייביק לעבן וועט אין אונדזער פאָלק זיין שאַפן.

דעם 25סטן דעצעמבער 1962

## זישע וויינפער

אָפּגעשטעלט האָט זיך זיין האַרץ,
און אוים מיט די נסיעות.
ווי קאָן מען איצט, ווי מעג מען איצט,
אַוועקלייגן זיך רוען?

ווער וועט וועקן אין דער נאַכט,
און קלאַפּן אין די לאָדנס?
שלאָפט דער דיכטער אין זיין שלאָף —
צו אונדזער צער און שאָדן.

ס'וואַרטן יידן אומעטום —
אפשר וועט ער קומען.
קומען וועט איצט בלויז זיין ליד,
דער עכאָ פון זיין נאָמען.

„די ווייסע טויב, די שטילע טויב",
„דער פּאַסטעך מיט זיין שטעקן",
נאָר ער אַליין וועט מער נישט זיין
צו רופן און צו וועקן.

וויינט דאָס האַרץ אין אונדז און קלאָגט,
און לאָזט זיך גאָרנישט טרייסטן.
אָפּגעשטעלט האָט זיך דאָס האַרץ
פון דיכטער זישע וויינפער.

28סטן יאַנואַר 1957

# דער גאַסט

(אין אָנדענק פון ז. ווײַנפּער)

אונטערוועגנס פּאָרט אַ באַן
צו שטעטלעך און צו שטעט.
זי ברענגט אַ מאָל אין שטאָט אַרײַן
אַ ייִדישן פּאָעט.

אַ רענצל און אַ שאַליקל,
אַ גלויביק האַרץ מיט פרייד.
און אויגן בלויע, שטראַליקע
און טרויעריק פון לייד.

ער קומט צו אונדז פון ייִדישלאַנד,
ער מונטערט און ער וועקט
צו נאָך אַ בוך און נאָך אַ באַנד
אין אונדזער ביבליאָטעק.

און אומעטום — אַ מעשהלע,
אַ לעקציע און אַ ליד —
און ביזן ווייסן טאָג אַרײַן
מען ווערט דאָ גאָרנישט מיד.

ס'ווערט צייט זיך צו געזעגענען
מיט יום־טובדיקע טעג
און נײַע שטעט באַגעגענען
אין ווייטן שווערן וועג.

1957

# ביי מיין ביכערשאַנק

(אין אָנדענק פון די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער
אין סאָוועטן־פאַרבאַנד)

איך שטיי, ווי אַן אָבל, ביים שענקל מיט ביכער,
און יעדעס מאָל נעם איך אַ בוך אין דער האַנט
מיט פעפערס, מיט האָפשטיינס, מיט מאַרקישעס לידער,
און כ׳טראַכט, אין מיין צער דאָ, פון גרויל און פון בראַנד.

ס׳שרייבט פעפער: „ער וועט פון קיין אומרעכט נישט וויסן״,
און ס׳שטעלט זיך די שורה פון ליד אין מיין קעל.
עס האָבן דאָך קוילן דאָס לייב אים צעריסן,
דורך סטאַלינס גזירות און בעריאָס באַפעל.

עס רייסט דער געדאַנק זיך אַוועק צו די וויטן —
צו פינצטערע טורמעס פון גרויל און פון שרעק;
און מאַרקיש קומט אָן מיט סאַדאָווסקין צו רייטן —
און יאָגט זיך מיט אימפעט צו שלאַכטן אַוועק.

זיין פען איז די ביקס, און זיין ליד איז דאָס פייער —
זיין לאַנד אין געפאַר און זיין פאָלק איז אין קאָן.
און ביידע געווען זענען ליב אים און טייער,
האָט מאַרקיש פאַר ביידן געטראָגן די פאָן.

עס רעגנט ביי האָפשטיינען „טראָפּנס פון פערל״ —
און צאַרט קלינגט דאָס לירישע ליד זיינס „איך גלויב״.
עס שטעלן פון צער אין די אויגן זיך טרערן:
זיי האָבן דעם גלויבן צעשטערט און צעשטויבט.

כ׳זע עטלעכע בענדער פון בערגלסאָנס ביכער,
דעם נסתרס, און קוויטקאָס, און עריקס אַ באַנד.
קדושים, געפאַנגען אין ווילדקייט פון וויכער —
אין פייער, אין רויטן, אין גליִיקן בראַנד.

1956

## פרץ מאַרקיש

ס׳איז מאַרקיש נישטאָ מער,
אַוועק שוין, פאַרשווּונדן —
געבליבן נאָך אים איז דאָס ליד זיינס,
אַ ווונדיקס —
דער זכר, וואָס מאָנט איצט און וועקט.
געבליבן נאָך אים איז דער גרויסער צושטייער,
דאָס ליד,
וואָס קומט אייביק צוריק פונעם פייער
פון מיתות, פון גרויל און פון שרעק.

ס׳איז מאַרקיש נישטאָ מער,
נאָר ס׳העלט נאָך זיין נאָמען,
און ס׳דאַכט זיך, אָט וועט ער
פון ערגעץ־ווו קומען,
מיט אויגן, וואָס ברענען,
מיט לאָקן אויף שטערן —
און מיר וועלן זיצן אין זאַל און אים הערן
פאַרטייטשן „די קופּע״.

דערנאָך וועט אַ גרופּע
פון יונגע פאַרערער
אים פירן צו מלכה מרגלית אויף כיבוד.
און מאַרקיש וועט רעדן,
און מיר וועלן הערן —
געווען איז אַ שטראַליקע פרייד
די מסיבה.

און גוט איז געווען אונדז
דורך יאָרן און יאָרן,

די שרייבער וואָס האָבן דעם מאָרגן געצונדן —
אַז ס׳האָבן די שווערע, די גרויליקע יאָרן,
אין גלי פון די שלאַכטן
באַפעסטיקט זיין גלויבן.
געווען —
ווי עם בלוטיקט דאָס וואָרט פון די ווונדן;
געווען —
פאַרן מבול פון בלוט און פון קוילן.
די שרייבער, וואָס האָבן דעם מאָרגן געצונדן —
פאַרשמאַכטע אין טורמעס,
פאַרפייניקט אין גרוילן.

דאָס יידישע שאַפן,
דער גייסטיקער אוצר,
געוואָרפן צום אומקום,
אין לאַנד פון באַפרייער.
צי האָט ער אין טורמע געזאָגט מן המיצר,
צי האָט ער געזונגען דאָס ליד זיינס
פון פייער?

דאָס ליד פון קדמונים,
פון יידן מאַרטירער —
דאָס ליד וואָס גייט־אויף פון די ברענענדע שייטערס —
אין לאַנד ווו ס׳האָט מאַרקיש געזונגען
זיין שירה,
אין לאַנד ווו ס׳האָט מאָרגן געלאָקט
און געהייטערט.

ס׳איז מאַרקיש נישטאָ מער,
אַוועק שוין, פאַרשוווּנדן.

און יידישע שרייבער,
און יידישע דיכטער,
זיי קומען, ווי שאָטנס, אַרויס פון די ווענדן —
זיי שטעלן זיך אויס מיט זייער צער
אין די רייען — און מאָנען, און מאָנען
דעם היינט און דעם מאָרגן;
דאָס יידישע לשון, וואָס ליגט נאָך אין ווייען,
די פאָלקסשפּראַך, וואָס ליגט נאָך פאַרשוועכט
און דערוואָרגן.

מאַרץ 1957

# דער מענטש פֿון מי

(אין אָנדענק פֿון נחמן מייזיל)

עס טרעפֿט —
אַ שטראַל פֿון ליכט פֿאַרלעשט זיך
אומגעריכט.
די זון פֿאַרגייט צום האָריזאָנט
אין בונטע פֿאַרבן.
אַזוי איז אויך צו אייביקייט דער וועג —
צי מיינט דאָס טויט?
צי הייסט דאָס טאַקע שטאַרבן?

דער מענטש פֿון מי,
ער בלייבט דאָ־הי
מיט יעדן ליד פֿון נעכטיקע געזאַנגען.
עס טרעפֿט —
אַ שטראַל פֿון ליכט פֿאַרלעשט זיך
אומגעריכט,
און ס'לעבט דאָס קול
אין ווידערקול פֿון קלאַנגען.
עס וויינט דאָס האַרץ
און ס'פֿאַלט פֿון אויג אַ טרער.
צו פֿריש איז נאָך די וווּנד,
צו טיף — דער אומעט,
נאָר ווי אַן עכאָ
איך דערהער:
ס'וועט לעבן אייביק אינעם פֿאָלק
זיין נאָמען.

מאַי 1966

# ס׳וועט פעלן אַ דיכטער

(אין אָנדענק פון אהרן קורץ)

נישט אויפן פידל,
און נישט אויפן פלייט —
ער האָט זיינע לידער
געשפילט אויף דער צייט.
צעפויקט אירע ווונדן
מיט ליבע און טרייסט —
און ערלעך געצונדן
זיין דיכטערשן פלייס.

ס׳איז די צייט אַזאַ האַרבע
ביים ליכט פון קאַיאָר —
ווייל ער באַפאַרבן
מיט זונליכט די וואָר,
מיט האָפנונג, מיט גלויבן
באַזינגען די טעג
און שפאַנען דערהויבן
זיין ליכטיקן וועג.

דער טויט האָט פאַרשלאָסן
זיין דיכטערשן שאַץ —
וועט בלייבן פאַריתומט
זיין פויק און זיין טאַץ —
ווער-זשע וועט קומען
זיי נעמען אין האַנט,

און פּויקן און וועקן,
אַז ס'לויערט דער בראַנד?

ס'וועט פעלן אַ דיכטער,
ס'וועט פעלן אַ פריינד,
נאָך איידער די זון
האָט זיך ליכטיק צעשיינט...

## רו זיך אָפּ, מיין פריינד

(ביים אָפּענעם קבר פון שלמה סילווערמאַן)

רו זיך אָפּ, מיין פריינד
און הער ווי הערצער קלאָגן.
האָסט נישט געוווּסט,
אַז ס'וואַרט אויף דיר די רו,
די רו, די אייביקע,
דער סוף פון אַלע פּלאָגן —
ס'איז פרילינג איצט
און דו ביסט מער נישטאָ.

ס'איז פרילינג איצט,
און דו האָסט אויסגעהויכט
דיין אָטעם.
עס שטראַלט די זון
און דו ביסט מער נישטאָ.
דו לעבסט נאָך אַלץ
אין אונדזער פרילינגדיקן גאָרטן —
אין יעדער רגע פון דיין רו.

# אפשר וועט אַ ווינטל

(אויפן קבר פון יאָסל בראָנשטיין)

אפשר וועט אַ ווינטל דיר אוועקטראָגן
מיין ליד?
אפשר וועט אַ גרעזל דיר אריינשושקען
אין אויער,
אַז כ׳האָב געזען דעם שאַפנדיקן ייד
אין אונדזער לאַנד,
אין שעהען פון מיין טרויער?

אפשר וועט אַ בלימל זיך אַ טוליע־טאָן
צו ערד —
און שורות טרערן וועלן אויסוויינען
דיין נאָמען?
און אייביק וועט אין קבר דיר
די רו וואָס איז באַשערט,
אָנזאָגן אַ בשורה דיר,
אַז כ׳בין צוריקגעקומען?

כ׳האָב מיין ליד היינט איינגעהילט
אין ווייטיק און אין צער
און ס׳האָבן טרערן ביטערע
אויף באַקן זיך געגאָסן.
עס שפּאַנט דאָס לעבן דאָ
און ס׳לויערט טויטגעפאַר —
זי האָט פאַרשלונגען דיך,
מיין ליבער חבר, יאָסל.

דעם 30סטן יוני 1968

# אַ ליד ווערט געבוירן

מיר דאַכט זיך, אַז ס׳קומען
די שורות זיך בעטן:
פאַרשרייב אונדז, זיי מוחל,
מיט כתב אויף פּאַפּיר.
ווערסט שפּעטער אונדז צערטלען,
ווערסט שפּעטער אונדז גלעטן —
איך שטיי ווי אַן עניו
נאָך אַלץ ביי דער טיר.

דער רוח זאָל עס וויסן
צי כ׳בין גאָר אַ דיכטער?
ס׳איז אפשר נישט מער
ווי אַן אָנשטעל, אַ פּאָזע? —
ווי האָב איך די העזה
צו שרייבן געדיכטן?
לייען איך און לייען
און באַשליס, אַז ס׳איז
פּראָזע...

ווי קום איך צו זינגען
פון הויכן קאַליבער?
אַז כ׳בין אין אַלטמאָדישן
חדר געגאַנגען.
דאָ זינגען פּאָעטן מיט היינען
זיך איבער —
מיט קיעטס און מיט שעלים
און בייראָנס געזאַנגען.

ווער ס׳זינגט דאָ ווי פּושקין,
ווער ס׳זינגט שוין וויטמאַניש —
איך זינג, ווי אַ יידישער בדחן
מיט טענות
צו גאָט, וואָס ער האָט זיך
אין הימלען באַהאַלטן —
ווען ס׳האָבן די רוצחים
די קעפּ אונדז געשפּאָלטן.

עס האָבן די קוילערס
געברענט און געשאָכטן,
און איך האָב דאָ שורות
און גראַמען געפלאָכטן,
און ס׳איז מיר געווען נאָך
ווי האָניק צום גומען,
ווען ס׳האָט אויף אַ ליד זיך
באַוויזן מיין נאָמען.

אָט שרייב איך די שורות
צום צענטן מאָל איבער,
און ס׳ווערט ביי מיר אַנדערש
אין גאַנצן דער חיבור;
אָט ווער איך אין כעס
און צערייס די פּאַפּירלעך;
איך קאָן דאָך נישט שרייבן
קיין ריכטיקע שורה.

כ׳וועל בעסער שוין נעמען
אַ ביכל און לייענען,
און ס׳טרערן די אויגן,
און ס׳ווילט זיך מיר וויינען.

פאַר וואָס זאָלן מענטשן זיך קוילן
און שעכטן?
מיר ווילן אַנטלויפן
פון גרויליקע נעכטנס.

כ'וועל מער שוין נישט שרייבן,
איך גיב זיך אַ נדר —
נאָר כ'ווייס, אַז כ'וועל שרייבן,
כסדר, כסדר —
ביז וואַנען ס'וועט בלייבן
אַ ליד נישט פאַרענדיקט —
אויף אייביק,
אויף שטענדיק.

# אַ שעה אין ייוואָ

(יחזקאלען)

דער טאָג שפּאַנט אַוועק אויף די ניו־יאָרקער גאַסן —
אין גרינקייט פון מאַי, אין פאַרנאַכטיקער שעה.
איך שפּאַן איצט — אַ גאַסט דאָ — געלאַסן, געלאַסן,
צום בנין, וואָס היטט דעם ייוואָ.

עס איז דאָ מיין חבר אַ וועכטער שוין יאָרן —
ער צערטלט און היט דאָ די אַלטע כתב־ידן.
ער גרויסט זיך מיט אוצרות אין ביכער, אין ספרים,
מיט שמותלעך מינדסטע — אוודאי און אוודאי.

אַט האָבן פאַרהיטן זיך ראָזענפעלדס ביכער,
אין טאָוולען שוין אַלטע צעשטראַלט זיך זיין ליד.
און ס'ליגן באַהאַלטן די טעג דאָ, די מידע —
פון סוועטשאַפּ, פון ניו־יאָרקער פּשוטן ייד.

אַט נעמט ער אין האַנט און באַווייזט אַ גמרא,
אַ בבא־בתרא, געבונדן אין אַ לעדערנעם באַנד.
און אַלט איז דאָס ספר שוין דריי הונדערט יאָרן —
ס'האָט איבערגעלעבט נישט איין פייער, איין בראַנד.

און אונטן, אין קעלער, ווו עס שוועבן די נעכטנס —
טראָגט ער צום מאָרגן די טעג פון זיין מי;
און איך בין געקומען, אַ גאַסט, אין פאַרנאַכט שוין —
און כ'פריי זיך, מיר זענען נאָך ביידע דאָ־הי.

מאַי 1968

# „אוליצאַ פּערעצאַ״ *)...

צווישן פוילנס באַרג און טאָל
ליגט מיין היימשטאָט פון אַ מאָל,
מיט אַלטע גאַסן, אָך און וויי,
ס׳איז קיין ייד נישטאָ אין זיי.

ס׳דאַכט זיך, ווי אויף יעדן טראָט
קומט אַנטקעגן מיר מיין שטאָט:
ראָדעם, ראַדאָם פון אַ מאָל,
מיט איר אויסגעשאָכטן קהל.

מיט אַ שולגאַס אָן אַ שול —
בלויז זכרונות פון אַ מאָל.
ס׳איז געבליבן, ווי אויף שפּאַס,
דער נאָמען פון מיין מאַמעס גאַס.

גנבע איך אַרויף אַ בליק
און פאַרדריי דעם קאָפּ צוריק.
ס׳איז דאָס האַרץ נאָך פול מיט וויי:
הייזער אָן אַ ייד אין זיי.

ס׳ליגן יידן, יונג און אַלט,
אין מאַסן־קברים דאָ אין וואַלד,
און אויף רויך און אַש פאַרברענט
צווישן קרעמאַטאָריע־ווענט.

---

*) י. ל. פּרץ־גאַס.

שטיי איך ביי דער גאַס דערשטווינט,
ס׳האָט מיין מאַמע דאָ געוווינט
מיט מיין שוועסטערס הויזגעזינד —
ס׳איז נישט געבליבן אירס קיין קינד.

בלויז דאָס שילדל אויפֿן ראָג —
האָט אין האַרץ געטאָן אַ שלאָג:
„אוליצאַ פּערעצאַ”...

יאַנואַר 1970

# אַ פלאַטערדיקע פאָן

איך זוך דיך, יונגער פרילינג,
און ס'ליגט דער שניי און פרירט;
די שויבן אויף די פענצטער —
מיט אייזבלומען באַצירט.

דער קאַלטער ווינט פון יאָרן
צעלייגט זיך אויף מיין קאָפּ;
איך זוך דיך, יונגער פרילינג,
זוך — און זוך דיך אָפּ.

אונטער שניי אויף פעלדער
שפּראָצט דאָס פרישע גראָז.
הינטער אייז פון שויבן
לויטער איז דאָס גלאָז.

איבער גרויע כמאַרעס
שטראַלט אַ רויטע זון...
ווען איך מיר פון זונליכט
אַ פלאַטערדיקע פאָן...

יאַנואַר 1949

# דער מאָרגן איז אייביק

(אין אָנדענק פון יאָסל טראַכטענבערג)

דער בוים איז קיין בוים נישט אָן צווייגן,
אָן שטאַמען,
דער בוים איז קיין בוים נישט
אָן בלעטער.
און איבער די גרויזאַמע
טויטלעכע סמען
וואַקסן אין קינדער — דער טאַטע, די מאַמע
און ס'בליִען די דורות אויף שפּעטער.

ס'איז מענטשלעך צו וויינען,
ס'איז מענטשלעך צו קלאָגן,
צו שפּירן אין האַרצן דעם צער
און דעם אומעט,
נאָר ס'הייבן זיך שטראַלן אַרויס
פון פאַרטאָגן —
פון זוניקן עתיד איז זון דער נר־תמיד
פאַר דורות וואָס קומען.

דער מענטש מוז דעם מאָרגן נאָך וועבן
און שפּינען,
און טראָגן אין האַרצן די פרייד,
וואָס וועט קומען;
דער וואַלקן, דער שוואַרצער,
מוז ווערן צערונען דורך רעגנס,
וואָס טראָגן דעם בלי צו די בלומען —
דער מאָרגן איז אייביק.

יוני 1954

## צום פרילינג

די פענצטער פאַרקאָוועט
מיט אייז אויף די שויבן —
ס'איזווינטער,
נאָר כ'האָב זיך געכאָוועט
אויף גלויבן,
אַז פרילינג וועט קומען.

ס'איז ווינטער
מיט קעלטן, מיט שנייען
און רעגנס,
נאָר ס'גייען די מאַיקע טעג
אונדז אַנטקעגן
מיט בעז און מיט בלומען.

פעלדער צעגרינטע
אוןביימער מיט צוויטן —
איך זע זיי,
איך שפּיר זיי,
אין שטראָם פון די בלוטן —
און כ'ווייס, אַז די זון וועט דאָ שטראַלן.

1954

# פרילינג־ווינטן

פרילינג־ווינטן בלאָזן אויף די פעלדער,
און שויבערן די גרינע, סאַמעטענע גראָזן,
און יאָגן זיך צו ביימער
אין די וועלדער —
און זאָגן אָן,
און פייפן אויס די בשורה,
אַז דער ווינטער האָט די ערד פאַרלאָזן.

פרילינג־ווינטן טאַנצן אויף די בייטן,
אָנגעבויכטע, ווייכע,
אויסגעפורעמטע אין רייען.
עס שטראַלט די זון
און שמייכלט פון דער ווייטנס —
און קושט די הענט, וואָס אַקערן
און זייען.

1954

## אַ צייכן...

כ׳דערמאָן זיך אַ מאָל
אין די נעכטיקע טעג —
אין יאָרן, וואָס זענען פאַרגאַנגען.
עס קומט בלויז די בענקשאַפט צוריק פונעם וועג
מיט שטויב אויף די פּלייצעס,
מיט עכאָס פון שטילע געזאַנגען.

אַזוי איז דער סדר פון לעבן, מיין פריינד,
דו וועסט אים שוין אַנדערש נישט מאַכן:
צו יאָרן פון נעכטנס
אַוועק וועט דער היינט,
ווען מאָרגן וועט אויפגיין אויף שליאַכן.

ווען ס׳וועט דער פרימאָרגן פון זונליכט אַרויס,
און שטראַלן אויף פעלדער
מיט טויען;
ס׳איז מיד איצט די מי נאָך —
זי שלאָפט זיך ערשט אויס —
זי גרייט זיך נאָך וועלטן צו בויען;

צעשטעלן די צייכנס,
די צייכנס פון זיין,
און וואַרפן אין ווייטקייט די בליקן.
אויב ס׳וועט נישט דער אַכזר
פאַרברענען דעם היינט,
דעם נעכטן, וואָס האָט אויף מיין ברוסט זיך צעוויינט —
און וועט נישט דעם מאָרגן דערשטיקן...

מאַי 1955

# אין עראָפּלאַן

אויבן ליגט דער הימל בלוי
און אונטן שוועבט די ערד —
און די וואָלקנס, ווייס און גרוי,
ליגן ווי פאַרקלערט.

ווי שעפּסעלעך געשוירענע
אויף ווייסע בערג פון וואָל,
איך זיץ און כ׳האָב קיין מורא נישט,
קיין פּחד און קיין עול.

עס האָט מיין אויג זיך צוגעקלעפּט
צום פענצטערל ביים זייט.
דער אָדלער וויגט זיך קוים און שוועבט
און שניידט זיך אין דער ווייט.

איך טראַכט ווי ווייט, ווי ווייט איך בין
פון זיידנס פערד און בויד.
עס וויגט זיך קוים די פליטמאַשין
און ס׳שטראַלט דער מאָרגנרויט.

עס פליט דאָ הויך דעם מענטשנס מי
און כ׳הער מאָטאָרן זשומען:
פרידלעך פלי, פרידלעך פלי,
פלי בשלום!

אויגוסט 1955

## צום בלי

פון נעכטנס, וואָס זענען פאַרגאַנגען,
פון היינט, וואָס וועט מוזן פאַרגיין —
וועבן מיר אויס די געזאַנגען
צום מאָרגן, וואָס קומט און וועט זיין.

פון מאָרגנס, פון אייביקע מאָרגנס,
וואָס האָבן קיין סכום און קיין סוף,
לייען מיר אויס און מיר באָרגן
די טעג און דעם וועג באַרג־אַרויף.

כּל־זמן מיר זענען נאָך היגע,
און ס׳שלאָגט אונדזער אומרו פון מי —
פאַרוועבט זיך מיין קלאַנג אינעם ניגון
און גיט זיין צושטייער צום בלי.

יאַנואַר 1965

# איידער וואָס און איידער ווען

מיט געזאַנג און מיט געוויין
האָט די צייט מיך אויסגעלערנט
גיין אַליין —
נאָר ס׳איז דער גאַנג „אַליינעניו"
מיר נישט געפעלן.
האָט זי, די צייט, מיך אָנגענומען
ביי דער האַנט —
און ווי אַ בלינדער שפּאַן איך שוין
מיט איר ביינאַנד
צו מענטשן און צו הייזער
און צו שוועלן.

איך גיי און טראַכט:
אַט פאַלט שוין צו די נאַכט —
אַז ס׳איז דאָס לעבן דאָ
„דער קורצער פּרייטיק".
דאַרף מען זיך כסדר איילן —
נישטאָ קיין צייט דאָס ליד דאָ
ווי געהעריק אויסצופיילן,
אַז בלייבן זאָל דאָס לויטערע געזאַנג.

וואָס איז אַ ליד?
אַ ליכטיקער געדאַנק
צום יום־טובדיקן גאַנג
אין דיינע טריט —
און איידער וואָס און איידער ווען...
זינג איך אַ ליד.

מאַי 1965

## צו גאָלדענע יאָרן

איך שרייב זיך אריין אין די
גאָלדענע יאָרן —
ווערט ווייכער און שטילער
מיין גאַנג.
כ׳וויים נישט ווּהין
ס׳איז די צייט מיר פאַרפאָרן —
איך זוך זי אָרום
אין געזאַנג.

כ׳געפין אָפט אין לידער
ביינאַכטיקע שעהען —
זיי שפּאַנען מיט ריטמישן קלאַנג.
איך ריכט דאָ אָפּ חצות —
ווי מיין זיידע פלעגט טאָן,
געווען איז נאָך שטילער
זיין גאַנג.

זאָל נאָך אַ ליד ווערן
אויף ס׳ניי דאָ באַשאַפן —
און היילן און שטאַרקן
מיין טראָט.
מיט גאָלדענע יאָרן
און זילבערנע סטראָפן —
כ׳וועל שטעלן אַ מאָל זיך
פאַר גאָט.

אָקטאָבער 1966

# גיב מיר אַ בלימל

גיב מיר אַ בלימל,
ווען כ'קאָן דאָס נאָך שמעקן —
אַ וואָרט פון גנאָד
ווען כ'קאָן דאָס נאָך הערן.
וואָס טויג מיר דער הספד?
ער וועט מיך נישט וועקן
פון אייביקן שלאָף,
ער וועט מיר נישט שטערן
די רו, וואָס איז יעדן בן־אדם
באַשערט,
אין סוף פון די טעג,
און אין סוף פון די יאָרן.
אַ בלימל ביים לעבן,
אויב ס'איז מיר באַשערט,
איך וויל נישט קיין בלומען
צעלייגט אויף מיין אָרון.

אָקטאָבער 1965

## נאָכן רעגן

נאָכן רעגן ווערן הימלען בלויער,
נאָכן רעגן ווערן פעלדער גרינער.
נאָכן זומער
הילט דער האַרבסט אונדז איין
אין טרויער —
און זינגט מיט אונדז
זיין איכהדיקן ניגון.

ניין, מען קאָן נישט
און מען טאָר נישט קלאָגן,
נישט אייביק און נישט אומעטום
איז ווינטער.
ערגעץ וואַקסט אַ פרילינגדיקע יוגנט —
אַ גוט־פרילינג
און אַ האַרציקן געזונט איר!

נאָכן רעגן ווערן הימלען בלויער,
נאָכן רעגן ווערן פעלדער גרינער.
לייג איך צו צום פרילינגווינט
מיין אויער —
הער איך ווי זיי זינגען
מיינע לידער.

1966

# אַ האַרבסטליד

אויף די ביימער וועלקן בלעטער
אויסגעפּוצט אין בונטע פאַרבן,
גאָלדיק־געלע און פיאָלעטע —
ס׳זאָל די שיינקייט זיין ביים שטאַרבן.

בלומען שמייכלען מיט קאָלירן —
ווי פון גאָט אַליין געמאָלן...
ס׳קען דאָס אויג אונדז נאָך פאַרפירן —
איבער בערג און איבער טאָלן.

ס׳טובלט זיך די זון אין פייער —
ווען קען נאָך אַזוי זיך מיִען?
מיט איר פאַרביקן צושטייער
פאַלט זי כורעים — ביי איר שקיעה.

נאָוועמבער 1966

# די צען געבאָט

ווער ווייסט ווי לאַנג
מיר בעטן און מיר בענטשן;
ווער ווייסט ווי לאַנג
מיר וויינען אין די נעכט.
אונדזער גורל פירן גאָר די מענטשן —
מיר גייען נאָך צו מאָרגנדיקע טעג.

ס׳איז אונדזער היינט באַפלעקט
מיט בלוט און גרוילן,
און שונא פירט צום שעכטהויז אונדז, ווי פי,
און יונגע זין, און יונגע קינדער פוילן,
און שריפות ברענען נאָך
דעם מענטשנס מי.

ס׳זענען הויכן מער נישט קיין מניעה —
און ווייטן קאָן מען אויך דערלאַנגען
מיט דער האַנט,
און מענטשן פירן מענטשן
צו דער תליה —
אָן שאַנד.

בוי אויף אין האַרץ
אַ צוים איצט צום געוויטער
און חלום אוים אַ יושרדיקן גאָט.
נאָר טראָג צום מענטש די וואַרעמקייט,
דעם ציטער,
וואָס קריצן אוים אויף ס׳ניי
די צען געבאָט.

**סעפטעמבער 1967**

# אַ ליד וועגן זיך

עס שפּאַנען שוין גיכער די נעכט
און די טעג —
און ס׳האַרץ איז מיט בענקשאַפט באַלאָדן.
כ׳וויים נישט ווער ס׳פירט מיך
אַראָפּ פונעם וועג
צו קריכן כסדר אין שאָדן.

עס דרייען זיך שעהען אַריין אין מיין ליד
מיט צאַרטע, געשליפענע קלאַנגען.
איך זיץ אָפּט אין נעכט
שוין פאַרמאַטערט און מיד,
און וועב זיך אַריין אין געזאַנגען.

איך פרעג ביי די נעכטנס,
וואָס קומען צוגאַסט,
צי האָב איך זיי לייטיש באַהאַנדלט.
יאָ, ס׳איז מיין יאָרהונדערט
דער בלוטיקער שפּאַס —
דער שווערסטער געראַנגל.

כ׳פאַרשרייב אין די לידער
דאָס בייז און דאָס שלעכטס —
און חלום פון ליכטיקן מאָרגן.
ווי לאַנג איז דער וועג נאָך
צו יושר און רעכט,
צי איז ער נאָך ווייט
און פאַרבאָרגן?

סעפּטעמבער 1967

# זיי פליען אַוועק

עס פליִען די פייגל שוין אָפּ
אין דער ווייט,
עס שרעקט זיי דער ווינטער,
דאָס אייז און די קעלט.
זיי ווייסן, אַז ערגעץ
איז ליכטיק און פריי,
אַ גרינער גן־עדן
פאַר פויגלשער וועלט.

אויך מענטשן אַנטלויפן,
ווי פייגל, אין ווייט —
מיט שנאה אין הערצער,
וואָס בייז נאָר פאַרשפּרייט.
זיי זוכן אַ מאָרגן
פון נחת און פרייד.

זיי פליִען אַוועק.

אָקטאָבער 1967

# װעגן טעג און יאָרן

ס׳אַנטלויפֿן די טעג
און ס׳אַנטלויפֿן די יאָרן,
און ס׳איילט זיך נאָך זיי אויך
אַוועק דער זכרון.
און װער איז דאָ שולדיק
װאָס כ׳קען נישט געדענקען,
װען ס׳האָט מיך געבעטן
דער װאַלד,
כ׳זאָל אים שענקען
אַ ליד פֿאַר די ביימער,
אַ ליד פֿאַר די שטאַמען —
כ׳האָב, דאַכט זיך, געהאַלטן
ביים פֿאַרטעך מיין מאַמען.

שפּעטער, שוין שפּעטער,
װען כ׳האָב זיך צעזונגען,
האָבן די העקער
מיט העק שוין געקלונגען
אין װאַלד פֿונעם לעבן,
װוּ ס׳ליגט דער זכרון —
פֿון װעמען ס׳אַנטלויפֿן
די טעג און די יאָרן.

דעצעמבער 1967

# אַ סטעזשקע צו דער זון

קומט, לאָמיר אויסהאַקן אַ סטעזשקע
צו דער זון —
אָט זעצט זי זיך אַראָפּ צום האָריזאָנט שוין.
און דיק זענען די כמאַרעס
און שווערער פון טשוגון,
נאָר ס׳זענען פּיס צום שווערן וועג
געוווינט שוין.

קומט, לאָמיר אָפּקלייבן די שטיינער
פונעם וועג,
קומט, לאָמיר אויסרייסן די דערנער.
די וואָלקנס אויפן הימל
פאַרטונקלען אונדז די טעג,
זיי קוקן איצט ווי חיות אוים —
מיט הערנער.

קומט, לאָמיר באַזינגען אונדזער מי:
פינצטער איז אין וואַלד דעם געדיכטן.
און דיכטער זענען פאַסטעכער,
זיי היטן אונדז די פּי —
און מאָרגן וועט אַוודאי ווערן ליכטיק.

קומט, לאָמיר אויסטרעטן אַ וועג צו דער זון –
ס׳וועט די נאַכט דאָך אייביק דאָ נישט בלייבן.
אָט וועט אויף אונדזער פּלויט
צעקרייען זיך דער האָן
און ווינטן וועלן כמאַרעס פאַרטרייבן.

פרילינגדיקע ווינטן
קומען פון דער ווייט —
אפילו פון די געגנטן די קאַלטע.
און מאָרגנס זענען ליכטיקע,
זיי קומען אָן פאַרשייט —
און לאַכן פון די נעכט
וואָס זענען אַלט שוין.

קומט, לאָמיר אויסטרעטן
אַ סטעזשקע צו דער זון —
לאָמיר אויסהאַקן דעם וועג זיך
מיט בטחון —
די וואָלקנס דאָ, די פינצטערע —
די שווערע, ווי טשוגון —
זיי וועלן פירן אונדזער וועג נאָך
צו הצלחה.

קומט לאָמיר אויסטרעטן
אַ סטעזשקע צו דער זון —
מיר דאַרפן צו די הימלען נישט
קיין לייטער.
די געטער, די אַלמעכטיקע,
זיי ווייסן שוין דערפון,
אַז אונדזער וועג
איז איצט שוין נישט
קיין ווייטער.

נאָוועמבער 1968

# צו לויטערע הימלען

זאַמל מיך איין אין די לויטערע הימלען,
די פינצטערע וואָלקנס פאַרטרייב.
לאָמיך אין שטילקייט פון הויכן דאָרט דרימלען,
ווי ס'שלאָפט די אומענדלעכע ווייט.

זאַמל מיך איין אין פאָלק ווי די אָבות —
און טראָג מיך אַריבער מיין צייט.
איך בין דאָ נישט מער ווי אַ שטילע מחשבה
אין וועג צו אומענדלעכער ווייט.

זאַמלט מיך איין אין די לויטערע הימלען —
מיט שורות פון יידיש געזאַנג.
און לאָמיך אין הויכן, אין אייביקייט, דרימלען —
געוועזן איז אַ חלום מיין גאַנג.

דעצעמבער 1968

## אין ווינטער

אַן עפּלבוים שטייט אין מיין הויף
מיט צווייגן אין הוילן נאַקעט.
ס'איז קאַלט אים,
און ס'נעמט נישט קיין סוף
צום ווינטער —
דעם קאַלטן תקיף.

דאָס קלעפּט ער צו צווייגן דעם שניי —
זיי ווײַנען מיט אייזיקע טרערן;
אָ, זאָל שוין דער ווינטער פאַרגיין,
כ'זאָל ס'זינגען פון פייגל דאָ הערן.

ס'פייפן די ווינטן מיט כעס
הפקר און ווילד אויף די צווייגן.
די שנאה באַפאַלט דאָ מיין גאַס —
מיין בוים וועט נאָך וואַקסן
און שטייגן.

ער וועט זיך פאַרפּוצן אין גרינס —
אין פרילינג צעבליִען זיך צוויטן,
און עפּל פון זאַפטיקן מין
וואַקסן אַרוים פון די בליטן.

יאַנואַר 1969

# צום אייביקן בלוי

די יאָרן לויפן אונדז אַריבער
און שפּינען אויס די שענסטע לידער,
און טרינקען אויס דעם הימלס בלוי,
און פאַרבן אָן די האָר אויף גרוי.

קומט די נאַכט נאָך בין־השמשות —
כ׳וויים זי האָט נישט קיין ממשות —
ווייל מיין חלום, וואָס איז בלוי
טוליעט זיך צום פרישן טוי.

חלום, חלום, קום צו רייטן
אויף אַן אייזעלע פון ווייטן —
דורך אַ וואָלקן, וואָס איז גרוי,
צו אַ מאָרגן, וואָס איז אייביק —
אייביק בלוי.

יאַנואַר 1970

# צו מיין טאָכטער

ביסט אויסגעוואַקסן פֿאַר די אויגן,
אַזוי ווי יונגער צווייַג.
און ס'זענען יאָרן אַפּגעפֿלויגן
מיט אַ שווער געמיט.

איצטער האָבן מיר דאָס נחת
צו זען דיך אין דיין בלי —
אַלע שונאים אויף להכעיס
שפּרודלסטו מיט מי.

יאָ, מיין קינד, מען ווערט שוין מידער,
ס'לעכצט זיך שוין נאָך רו —
דאָס שענסטע ליד פֿון אַלע לידער,
דאָס האַרציקסטע, ביסט דו.

1970

## אפשר...

כ׳זוך דעם צוגעזאָגטן מאָרגן
אינעם חושך פון דער נאַכט.
אפשר ליגט ער נאָך פאַרבאָרגן —
און איך טראַכט:
אפשר ליגט ער גאָר דערוואָרגן,
צי פון שלאָף נישט אויפגעוואַכט?

אפשר, אפשר — פרעסט דער יאוש
און פאַרסמט דאָס האַרץ —
אפשר בין איך נישט מחויב
צו וויסן, אַז די נאַכט איז שוואַרץ
און צו זוכן און צו האָפן
און צו בענקען נאָך דער זון —
זי איז ערגעץ איינגעשלאָפן,
זיצט דער אפשר אויבן אָן.

אפשר האָב איך אויסגעזונגען
פון האַרץ דאָס האָפערדיקע ליד?
כ׳הער אין מיינע פערזן קלינגען
אַלע ווייטיקן פון ייד,
אַלע עולות, אַלע גרוילן,
אַלע צרות, ס׳גאַנצע בייז —
ס׳איז משיח נאָך פאַרהוילן
צי געשמידט גאָר אין אַ קייט.

אפשר זיצט ער אין אַ תפיסה?
אפשר בענקט ער נאָך דער פריי?
אפשר איז ער חייב־מיתה

און עס וואַרט אויף אים דאָס בליי ?
אפשר וועט מען אים דערשיסן
אין פאַרטאָג, פאַר זונאויפגאַנג ?
כ׳וויים, אַז ס׳וועט דאָס האַרץ צעריסן
פון די אפשרס אין געזאַנג.

מאַרץ 1970

# לידער

קיין מאָל לייענט מען זיי נישט אויס
און קיין מאָל זינגט מען זיי נישט אויס.
זיי פֿאַרוועבן שטיקלעך לעבן
פֿון די דיכטער.

בלויז דאָס לעבן לייענט זיך אויס,
בלויז דאָס לעבן זינגט זיך אויס
אין די אויסגעטאָקטע פֿערזן
פֿון די דיכטער.

1970

# אויף אינדזלשער ערד

אויף אינדזלשער ערד
אין צעפלאַקערטן טאַנץ,
מיט פרייד און מיט בלוט
אין פילאויגיקן גלאַנץ.

פון שקלאַפיש געוועב
צו אַ זוניק געשפּין —
אויף אינדזלשער ערד
אַ צעזונגענע שטים.

באַרגיקער הויך
און טאָליקער פלאַך
אויף אינדזלשער ערד
איז אַ קאָפּ אָן אַ דאַך...

דער זוניקער גלי
אויף מיין בראָנדזענעם קאַרק,
אויף אינדזלשער ערד
בין איך מונטער און שטאַרק!

— — — — — — — — — — — .

שטייען קאַנאָנען אין האַפן
אויף ערד,
פאַרשוועכן, פאַרשקלאַפן
מיין אינדזלשע ערד...

האַוואַנאַ 1926

# אין פרעמדן לאַנד

אין פרעמדן לאַנד
היימיש איך זיך איין —
פרעמדע מענטשן ווערן מיינע פריינד,
ס׳גייט אויף מיין פרייד
אין יעדן זונענשיין,
און יעדעס פּנים איז מיר ווי באַקאַנט.

איך גיי מיט די, וואָס אַרבעטן אין טאָל,
איך גיי מיט די וואָס קלעטערן אויף בערג —
אין יעדנס אויגן פינקלט העל דער שטאָל,
וואָס שאַפט דעם ברייטן בליִענדיקן וועג.

האַוואַנאַ 1926

# אין גאַסן

אין גאַסן הערן זיך געשרייען —
פירט מען וועגעלעך מיט הילכיקן געזאַנג:
פיניאַ *)! פיניאַ! מאַנגאַ!
זינגענדיקע ווייען
רייסן זיך פון האַרץ
מיט יעדן קלאַנג.

אויף קאַרקן הענגען לייוונטענע פאַסן,
ס'ציט דאָס קעסטעלע אַ יעדן קאָפּ אַראָפּ —
אין הייסן לאַנד פאַרקויפט מען אין די גאַסן
וואַרעם האַרץ — מיט קאַלטן סקי־מאָ־פּיו. **)

ס'האַנדלען קינדער דאָ מיט סיגאַרעטן,
פּוצן שיך —
(דאָ בעט מען נישט קיין ברויט!)
אויף ריינע גאַסן שלייכן זיך סקעלעטן,
לויפנדיק פון הונגער,
אָרעמקייט און קויט.

האַוואַנאַ 1926

---

*) אַנאַנאַסן.
**) אַ טראָפּישע פרוכט, אַ זיסע מיט אַ גרויסער קער.

# גרין־גאָלדענער גלי

גרין־גאָלדענער גלי
פונעם זוניקן לאַנד —
געגנבעטע מי
פון די שווייסיקע טעג.
מיר זענען מיט סקאַלישע בערגער ביינאַנד
און שאַפן אויף אינדזול
אַ פריידיקן וועג.

מיר אַקערן ברייט
און מיר אַקערן טיף,
און צאַפּלען ווי מאַמעס
ביי קינדערשע טריט.
דאָך שטאַרק ווי די סקאַלעס
איז פריידיקער וועג,
ווען מיר האַלטן ביים שניט.

מען אינדזולט זיך איין
און מען אינדזולט זיך אויס
אונטער זוניקן גלי,
ווו ס׳גאַרטלען די כוואַליעס
די וועלט,
וואָס איז גרויס
ווען עס בליט...

האַוואַנאַ 1927

## ווער וועט היינט די זון באַצאָלן

ווער וועט היינט די זון באַצאָלן
פאַר איר שטראַלנדיקן ליכט?
ווער וועט גליִענדיק מיר מאָלן
מיינע צאַפּלדיקע טריט?

ווער וועט היינט דעם ים דורכשווימען
מיט אַ פרײדיקן פאַרלאַנג,
צו מיין האַרטן ברעג צוקומען
מיט אַ פריילעכן געזאַנג?

מיינע ווערטער וועלן הייכן
מיט מיין ברענענדיק געמיט;
דאָרט ווו איך וועל נישט דערגרייכן —
וועט דערהויבן זיך מיין ליד.

האַוואַנאַ 1927

## ווי קאַכיקע ווערן

ווי קאַכיקע ווערן אין ימישן קעסל
וואָס שטראָמען מיט זודיקן גאַלף,
אַזוי וועל איך ברויזן און ברעכן די צאַמען,
אַזוי וועל איך שטראָמען!
אַזוי וועל איך שטראָמען!

די שטאַרקע געפּאַנצערטע שיפן,
וואָס זענען פון שטאָל און פון אייזן געשליפן —
זיי וועל איך טיפן,
זיי וועל איך טיפן!...

ווערן אין לופטן זיך הייבן מאַשינען
און דינען די טראַנען אין לופטן מיט פליגל —
וועל איך צעשטורמען ווי בייזע ציקלאָנען
די לופטיקע פליגל
אין ערדישן ריגל.

ווערן די קוילן צעקלינגען און קוילן
און זעקסלען די וועלט;
וועל איך צעזונגען
דאָס ליד פונעם קריגער,
דאָס ליד פונעם זיגער...

האַוואַנאַ 1927

# כ׳טראָג דיר האַרץ

(מיין תמרן געווידמעט)

כ׳טראָג דיר האַרץ מיט קאָכנדיקע בלוטן,
וואָס קלאַמערט איין אין זיך די פרייד פון זיין,
וואָס פילט שוין היינט דיין יונגן צאַפּלדיקן אָטעם —
און קוויקט זיך היינט מיט מאָרגנדיקער פרייד.

ביסט איינגעהילט אין גרינעם סאַמעטענעם מאַנטל —
און ס׳פאַלט אויף דיר קרישטאָלנדיקער טוי.
וואָס קלאַמערט איין אין זיך די פרייד פון זיין,
וואָס קלאַמערט איין אין זיך די פרייד פון זיין.

**האַוואַנאַ 1926**

## דער מויערער

אויסגעזונגען אַלע לידער,
אַלע סענטימענטן מיינע;
זינג איך איצט אַ ליד פון אַרבעט
מיט מאַזאָליעס אויף די הענט;
גליט דאָס שטאַרקע ליד פון שאַפן
זוניק, אויף די שטיינער־ווענט.

כ׳לייג אַ ציגל אויף אַ ציגל,
כ׳שטעל אַ הויכן בנין אויף,
און דאָס לים אויף העכסטע הויכן
טראָג איך פול מיט פרייד אַרויף.

און דער בנין גרייכט אַלץ העכער
ציט זיך שנעלער צו דער זון;
הערצער, זעלן פון מיליאָנען
ווערן איינגעשטעלט אין קאָן.

מיר איז ליכטיק אין דער פינצטער,
כ׳האַמער אויס אַ מעכטיק ליד,
ביז איך וועל די זון דערגרייכן
ווער איך נישט פון שאַפן מיד.

ווען די זון, שוין אַ באַזיגטע,
וועט זיך בעטן: לאָז מיך אָפּ!
וועל איך שטאָלץ איר ליכט באַפעלן
לייכט אין קעלערס איצט אַראָפּ!

האַוואַנאַ 1927

# אויפגעפראַלטע אַלע טירן

אויפגעפראַלטע אַלע טירן,
אַלע טישן שוין געגרייטע —
און די געסט זיי קומען נישט
זיי האָבן אונדז פאַרשעמט.

מאָרגן וועלן לאַכן
אַלע לאַנג באַפרייטע
פונעם רייכנס אָרעמקייט
מיט צאַנקנדיקע ליכטער —
און די געסט זיי קומען נישט,
זיי זענען ניכטער, ניכטער.

ליגט אַ מידער גענעץ
אויף בלישטשנדיקע טאַצן —
און אַ פאַלשע טרער
אין אַ כוס פון וויין.
אייערע הערצער טרויערן,
אייערע סטרונעס פּלאַצן —
און די רייכע אָרעמקייט
גענעצט פון פאַרגיין.

1927

# מײן צוקער־קאַניע

אויף דיר, מײן צוקער־קאניע,
האָט די זון צעגאָסן אירע שטראַלן
צו באַזיסן מײנע טעג.
איצט בין איך פרײ,
איצט ביסטו פרײ!
איך שיק אַ לויב דײנע מארטירער,
כ'האָב אויפגעשטעלט דאָ דענקמעלער
נאָך זײ.
און דו, מײן שטאָלצע צוקער־קאניע,
שטײסט נאָך מיט דײן קאָפּ געבויגן?
אהאַ! איך האָב פארגעסן גאָר —
דו ביסט נישט דײן!
ביסט אויך נישט מײן!

1927

## לאָמפּן פייערדיקע

לאָמפּן פייערדיקע צינדן זיך מיט גליק,
פון יונגע מיידלעך הערט זיך אַ געזאַנג.
איך גיי אַ פריילעכער אין שיכרותדיקן וועג —
מיר טוט נישט באַנג
מיין שיכרותדיק געזאַנג.

מיליאָנען פּיס וואַקלען זיך אין טאַנץ
האַוואַנאַ ווערט מיין בלינדיקער טרוים.
דער הימל שיקט דעם פייערדיקן גלאַנץ —
איך האָב דיך ליב, האַוואַנאַ,
שיכרותדיקער רויב!

1927

## ווען ס'אָוונט מיט ניכטערנע שעהען

ווען ס'אָוונט מיט ניכטערנע שעהען,
אַרום מיר איז טונקל און שוואַרץ,
דערצייל איך דעם הימל, דעם בלויען,
ווי בלוטיק מיר איז אין מיין האַרץ.

כוואַליעס מיט קינדערשע יאָרן
גלעטן און לאַשטשען מיך צאַרט.
— איך בין נעבן שולהויף געבוירן
מיין מאַמע זי בענקט דאָרט און וואַרט,

און טראַכט, אַז איר זון וועט נאָך קומען
אין פוילישן שטעטל אַהין,
איר העלפן פאַרקויפן אַ בעזעם
צי אפשר אַ בינטעלע קין?

אַ מאַמינקע, ליבינקע מאַמע,
— איך בענק נישט נאָך קינדערשן גליק
דאָ שפין איך אַ וועלטל אין פלאַמען,
אַ נייינקן היכל פון גליק.

שעהען זיך יאָגן און יאָגן,
— ס'דרייט זיך מיין גאָלדן געשפּין
אָט הייבט שוין אין מזרח אָן טאָגן,
ס'גייט אויף שוין אין מזרח די זון!

מאַמע, אָ, גוטינקע מאַמע,
מאַמעס פון פוילישן לאַנד!
איך שיק אייך אַ גרוס דורך די פלאַמען,
וואָס שטראַלן פון זוניקן בראַנד.

**האַוואַנאַ 1926**

*

אַ שטוב, צוויי בעטן, אַ שלאָפבאַנק, אַ טיש,
אַן אַלטער קאַמאָד און אַ שאַפע אויף קליידער;
דאָס דיקע געוואַנט איז צעלייגט אויפן טיש
און ס׳דזשאָבעט אַ באַנדע מיין זיידע דער שניידער.

ס׳האָט באָבע איר אייגענע אַרבעט אין שטוב,
צו פּוצן די לייכטער, קאָכן און וואַשן;
און ס׳איז איר די אַרבעט אי ניחא אי ליב —
נאָר זיידע איז אַלע מאָל גרייט מיט אַ קשיא:

פאַר וואָס לעבט זיך בעקערמאַן אָפּ אין עשירות,
און שרהלע־סאָווע האָט באַמבעם מיט געלט,
און אים איז באַשערט נאָר צו ציילן די ספירות —
פאַר וואָס האָט דאָס גאָט אַזאַ וועלטל געשטעלט?

— אָ, זע נאָר, דבורה, ווי ס׳שטעלט זיך דער ווינטער,
ווי ס׳ווערן די שויבן פאַרקאָוועט מיט אייז,
עס יאָגט דאָך אַ קעלט, ווי להבדיל, פון צווינטער. —
און ס׳ווערט שוין די באָבע פאַרכמורעט און בייז.

— וואָס זינדיקסטו, בערל? — בעט זיך די באָבע —
ס׳זאָל גאָט מיך נישט שטראָפן פאַר זינדיקע רייד.
נעם בעסער, כ׳לעבן, פאַרלאַטע מיין שובע —
כ׳האָב ערגעץ געמאַכט אַ גוואַלדרים אין קלייד.

## דער זיידע פאָרט אויפן יאַריד

די גאַס איז נאָך פינצטער, עס שאַריעט אויף טאָגן,
עס ברענט נאָך אַ לעמפּל ביים זיידן אין הויז;
אין דרויסן מיט סחורות געפּאַקט איז דער וואָגן,
און יידן און יידענעס זעצן זיך אויס.

עס זיצט שוין דער פורמאַן ביי זיך אויף דער קעלניע
און שמייסט די פּגרים, וואָס רופן זיך פערד;
— פּאַמעלעך, רב מאָטל, צעקוועטשט נישט מיין צעלניק! —
צעשרייט זיך אַ יידענע — מאָטל, איר הערט?

— אייסעך! וואָס שרייט זי, ווער טשעפּעט איר צעלניק?
אַן איינפאַל אַ ביסל: משוגע צי וואָס?
נו, פאָר שוין! העי ריר זיך שוין, לייבקעלע זעלנער! —
און ס'ברענט שוין דער פורמאַן פון כעס און פאַרדראָס...

— וויאָ! וו־י־אָ־אָ! העיטאַ און היידאַ!
ריר זיך שוין, קאַרע! העי וויטשאַ, בולאַנע!
עס הייבן די פערד נאָר די קעפּ און די ווידלען
און שטייען — עס העלפט נישט קיין וויאָ און קיין טענות.

— נו, יידן, זייט מוחל, אַרונטער פון וואָגן!
איר'ט דאַרפן אַ שטופּ־טאָן אַרויף אויפן בערגל!
איך קען מיינע סוסים, עס העלפט נישט קיין שלאָגן —
נו, יידן, אַ פּלייצע, אויב נישט, וועט זיין ערגער...

ביים רעדל, רב מאָטל, ביים הינטערשטן רעדל,
און איר דאָרט, רב בערל, נעמט אָן ביי דעם צווייטן! —
און ס'ביטשל האָט דווקא זיך האַסטיק צעשלאָגן
אויף פערדישע רוקנס און פערדישע זייטן.

אָט פאָרט שוין דער וואָגן און האָצקעט אויף שטיינער,
מיט באַנדעס און היטלען, מיט צעלניק און טעפּ;
און ס'פּרעסן די צוימלעך אין פערדישע מיילער,
פון וויטיק די פערד הייבן אויף זייערע קעפּ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי זענען יידן אַוועק נאָך פּרנסה,
אַזוי ז'מען געפאָרן צום גריצער יאַריד,
געקומען צוריק מיט אַ הייזעריק לשון —
פאַרזאָרגט און פאַרכמורעט, פאַרמאַטערט און מיד.

# מיין באָבע דבורה

מיין באָבע דבורה פלעגט פעדערן שלייסן —
גענדזענע פעדערן, פוכיקע, ווייסע,
און שעפּטשען, אַז ס'וואַקסן די אייניקלעך אונטער —
און לאַנג, ווי דער גלות, און קאַלט איז דער ווינטער.

פעדערן שלייסן געווען איז ווי נאַשן.
פריִער גאָט — כ'האָב די הענט נישט געוואַשן —
דערנאָך קלמן־שדכן — טויב ווי די וואַנט —
צו אַ ריכטיקן זיווג דאַרף מען בעטגעוואַנט...

אַז קיין סך קאָן זי די אייניקלעך נישט געבן;
אַ מענטש דאַרף טראַכטן פון טויט און רעדן פון לעבן.
צום טויט איז די באָבע שוין געווען אַ גרייטע —
מיט ווייסע תכריכים, אין שאַנק, אויפגענייטע.

אויסגעקליבן האָט זי פון די בעסטע לייוונט,
גענומען דערצו דעם זיידן פאַר אַ מבין.
אין באַרעס באַצאָלט — זי וויל נישט קיין חובות,
זי זאָל, חלילה, נישט ליגן אין פרעמדע סוויוועס.

# איך דריי זיך אין מאַרק

איך דריי זיך אין מאַרק און איך גיי נישט אין חדר,
ס'האָט רבי, פאַר גאָרנישט, מיך נעכטן געשלאָגן;
עס שמירט דאָ אַ פויער מיט שמירעכץ די רעדער —
עס הירזשען די פערד אין די פויערשע וואָגנס.

איך קוק אויף געשטעלן, איך קוק אויף די טישלעך —
אויף אַלץ, וואָס מען קריגט דאָ צו קויפן פאַר געלט,
וועלטשענע נים און טערקישע ניסלעך.
איך הער ווי מען קריגט זיך,
איך הער ווי מען שעלט.

ווייבער פאַרקויפן געזאַלצענע בייגל,
יידן פאַרקויפן דאָ שטיוול און שיך.
כ'זע טישלעך מיט זיסוואַרג,
מיט טייטלען און פייגן —
און ס'לאָקט מיך דער מאַרק און רופט מיך צו זיך.

זעקלעך מיט תבואות אויף פויערישע וואָגנס,
עופות געבונדענע לאָזן זיך הערן,
און ס'דרייען זיך יידן, פאַרשמייעט, צעטראָגן —
די היטלען פאַררוקט אויף די שטערנס.

ווייבער אין שייטלען, ווייבער אין קופקעס,
דזשווויגען פון מאַרק די געקויפטע מציאות;
און ס'טרעפט — מען צעקריגט זיך,
עס טרעפט — מען צעשלאָגט זיך,
ביים אויסקויפן איינער ביים צווייטן די תבואה.

פולע מיט קונים, געפּאַקטע געוועלבער —
און יידן פאַרהאַוועטע, יינגלעך פאַרטראַכטע;
עס פירן קצבים בהמות און קעלבער,
מיט שטריק אויף די העלדזער, אַוועק צו דעם שעכטהויז.

און בעטלער צעזינגען זיך לידער פאַרבענקטע —
און ס׳פאַלן מיט קלאַנג אויף די טעצלעך די גראָשנס;
עס שיכורן פויערים זיך אָן אין די שענקען —
און ס׳ווערן אין שיכרות די אויגן פאַרלאָשן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך דריי זיך אין מאַרק און איך גיי נישט אין חדר,
ס׳האָט רבי, פאַר גאָרנישט, מיך נעכטן געשלאָגן;
און זאָל ער מיר מאָרגן צעברעכן די ביינער —
כ׳וועל שווייגן אין ווייטיק —
כ׳וועל גאָרנישט נישט זאָגן.

## דער טאַטע שטאַרבט

דער טאַטע נייט אַ פּעלצל, אַ ווייבערישן סערדאַק,
און צירט אוים לשם-מצווה רעשינקעס צו בריתן,
און טאַנצט נאָך שמחת-תורה מיט יידן אַ האָפּאַק —
און הערט נישט אויף צו כאָרכלען,
הערט נישט אויף צו הוסטן.

ער׳ט ווען עס איז אין שטוב זיך טריקענען די ווענט;
דער ווילגאָטש האָט אַריינגעבראַכט די הוסטנדיקע צרה...
ער גלעט די באָרד די לאַנגע מיט ביינערדיקע הענט —
און זיפצט אַריין דעם ווייטיק
אין אַן אָפענער גמרא.

די מאַמע טראָגט אים אונטער ס׳פלעשעלע רעצעפּט —
און פרעגט מיט אויגן טרויעריקע:
זאָג, וואָס זאָל איך דיר געבן?
נאָר טאַטע הויבט די פּלייצעס און ענטפערט מיט אַן „עט״,
כ׳וועל צופאָרן צום הייליקן,
צום ביאַלאָבזשעגער רבין.

אַז כ׳בין נישט אַזאַ חולה, כ׳בין נישט אַזוי קראַנק,
און ס׳פלעשעלע רעצעפּט האָט נישט די ווערט קיין שהי-פּהי;
אַז גאָט וויל שענקען ס׳לעבן, לעבט מען יאָרן-לאַנג
מיט אַסטמע און מיט כ׳וויים דאָרט אַנדערע מציאות.

נאָר שווערער ווערט אים ס׳אָטעמען אין כאָרכלדיקע נעכט.
דער דאָקטאָר האָט באַפוילן אים אַוועקפירן אויף דאַטשע;
און טאַטע פירט מיט אַסטמעהוסט אַ בלוטיקן געפעכט —

עס ציטערן די הענט אים
און דאָס פּנים ווערט אים בלאַסער.

צו אַכט און פערציק יאָר
האָט זיך אָפּגעשטעלט זיין האַרץ,
צו אַכט און פערציק יאָר
האָט זיין לעבן זיך פאַרלאָשן;
און ס'קומען פריינד און טרייסטן אָפּ
דאָס בענקענדיקע האַרץ:
אַדוישעם נתן
אַדוישעם לקח...

מיין טאַטע האָט די יאָרן זיינע אַריינגעגנייט אין פעלצן,
און דעם אַסטמעהוסט אַריינגעכאָרכלט אין זיין באָרד;
טעג און נעכט אין ווייטיק איינגעפּעלצטע
און דאָס ברויט, דאָס טרוקענע, געשפּאָרט.

געדענק איך איצט זיין הויך־געקנייטשטן שטערן
און זיינע לאַנגע ביינערדיקע הענט;
און וואָס איז איצט פאַראַן צו קלערן? —
פון זיבן קינדער אין אַ וועלט, וואָס ברענט...

## מיין היים דערנאָך

מיין ברודער שאול איז אַ בוכהאַלטער און אַ טעריטאָריאַליסט;
אהרן — אַ קאַמאַשנמאַכער — איז גאָר אַ בונדיסט;
אסתר־מלכה איז אַ שניידערין; רויזע העלפֿט אין קראָם —
און די יינגסטע מרים־בלומע איז, ווי איך, גאָר גוט און פֿרום.

כ׳גיי יעדן טאָג צום דאַוונען מיט מיין עלטסטן ברודער שמואל,
און קדיש זאָג איך אויף אַ קול, אַז ס׳קלינגט מיט מיר די שול.
אין חדר גיי איך יעדן טאָג און טו אַלץ וואָס מען מעג,
און ס׳לערנט דעם רבינס קאַנטשיק מיך
צו גיין אין גלייכן וועג.

איך כאַפּ זיך אויף פֿון שלאָף ביי נאַכט
און כ׳זע: אַ לעמפּל שיינט.
שאול איז אין אַ בוך פֿאַרטיפֿט,
ער זיצט זיך שטיל און לייענט.
ביכער איז אין שטוב פֿאַראַן
און ספֿרים אויך אַ סך —
איך זע אָפֿט ווי מיין ברודער שאול
שרייבט עפּעס אַ זאַך.

ער ברענגט גאָר אָפֿט אין שטוב אַריין
די „הצפֿירה" און דעם „פֿריינד",
און שבת לייענט ער אויף אַ קול —
און מאַמעס פּנים שיינט.

איך נעם שוין אויך אַ בוך אין האַנט,
איך בלעטער דורך „די שטראַל" —
און אהרן היצט זיך פֿאַרן „בונד"
פֿאַר מאַרקס און פֿאַר לאַסאַל.

## אונדזער קרעמל

די מאַמע שטייט אין קרעמל
פון אין דער פרי ביז שפּעט ביי נאַכט
און שרייבט אַריין די חובות אינעם בוך דעם דיקן
— נעכעלע! גיט מיר קליינע ליכט
און קלייבט מיר אויס אַ הערינגל,
גאָר עפּעס אַן אַנטיקל.

— אוי, גיכער! כ׳האָב קיין צייט נישט,
אַ טרוקן שטיקל זייף,
אַ האַלב פונט פּערל-גרויפּן,
ווי טייער לייזט איר אַרבעס? —
און יעדער קונה דינגט זיך,
און יעדער קונה שרייט:
גיכער, כ׳האָב קיין צייט נישט,
כ׳האָב אין הויז נאָך אַרבעט!

— כ׳דאַרף כשר-מאַכן ס׳דרויבעלע,
אוי, עס איז שוין שפּעט!
ביי פּערל-לאהן, די סטראַגערקע,
געכאַפּט אָט די מציאה.
כאַפּט אַ קוק אומיסטנע,
זעט כאָטש, ווי ס׳איז פעט —
און טרעפט נאָר וויפל ס׳קאָסט מיך
אָט די גאָלדענע מציאה?

און פרייטיק, אין פאַרהאַוועטקייט
לויפט גיכער אָפּ דער טאָג,
— די שולגאַס ווערט שוין ליידיקער —

צעוואַשן און צעצוואָגן.
אַ ייד אַ שומר־שבתניק,
באַווייזט זיך פונעם ראָג,
זיין פנים רויט־רציחהדיק
אַ גרייטער זיך צו שלאָגן.

ער שטעלט זיך ביי אַ קרעמל אָפּ
און שאָקלט מיט דער באָרד,
און ס'ציטערן די קונים
און די קרעמערקע אוודאי.
זיין פּוס גיט אויף דער טירשוועל
דאָרט באַפעלעריש אַ טופּ:
אַהיים גייט, גויעס, חצופות,
אַהיים שוין, גויעס, שבת!

## ביי לוי היטלמאַכער אויף דער לער

ס'איז לוי, דערציילט מען, אַ גרויסער גביר —
און ס'שמען אין שטאָט זיינע היטלען.
אַ ייד מיט געשעפט, מיט אַן אָפענער טיר —
און נישט קיין טאַנדעטניק פון היטלען.

האָט מאַמע גערעדט צו זיין ווייב, די האָרבאַטע:
— שבעניו, טוט מיר אַ טובה.
כ'דאַרף זיין צו מיין יינגל אַ מאַמע און אַ טאַטע —
איז רעדט זיך דאָרט דורך מיט אייער לוין.

זאָל ער נעמען מיין יינגל צו זיך אויף דער לער,
ביי אייך וועט ער ווערן אַ מענטש שוין.
און ס'ווערן די אויגן, דער מאַמעס, פאַרטרערט,
און כ'הער ווי זי לויבט מיך און בענטשט מיך.

זי פירט מיך דערנאָך אָפּ צום אָסטראָווצער רבין,
צו בעטן דעם רבינס הסכמה...
און ס'גיט מיר אָפּ שלום דער רבי זאָל לעבן
און זאָגט, אַז ס'וועט גוט זיין מסתמא.

עס פירט ביי דער האַנט מיך די מאַמישע צאַרטקייט,
ס'איז, זאָגט זי, אַ שיינע מלאכה;
זאָלסט פאָלגן דעם מייסטער און זיי נישט פאַרשייט דאָרט,
ס'האָט רבי געגעבן זיין ברכה.

*

איך בלאָז שוין אין פרעסל די האָלצענע קוילן
און ס'אייזן ווערט הייסער און הייסער.
אַזוי האָט דער מייסטער, רב לוי, באַפוילן —
כ'וועל קריגן אַ רובל אויף פסח!

מען שיקט מיך נאָך פאָדעס, מען שיקט מיך נאָך וואַטע:
— נו, לויף שוין, נו, גיי ווער געהרגעט!
נו, ריר זיך, דו ממזר, אַ רוח אין דיין טאַטן!
דאַרפסט פּרעסן די נעטלעך און „זשאָרגעס"...*)

העי, דו, וואָס שטייסטו פאַרקרימט ווי אַ יויזל?
וואָס־וואָס, דו קענסט זיך נישט רירן?
און נעם און צעטרען מיר די זעלנערשע הויזן,
און רייניק מיר אויס דאָס מונדירל!

און גיי נאָר צום ברונעם און ברענג אַ קאַן וואַסער,
און שטעל זיך נישט אָפּ מיט די יונגען! —
איך כאַפּ אָפּט אַ שמיץ מיט אַ פּרעסטוך אַ נאַסן,
פאַר בייסן די נעגל פון פינגער.

איך לערן צו ביסלעך די שיינע מלאכה,
איך שלאָג זיך אַרוים פון די כוחות.
דערויף האָט דער רבי געגעבן זיין ברכה:
— נישקשה, ער'ט ווערן אַ סוחר...

*) פאַלשע קאַנטן אין מיליטערישע היטלען.

## עס בייט זיך די מאַכט

קאַוואַלעריע רייט אויף די פערד,
קאָזאַקן פליִען אויף די פערדלעך;
און יידן זוכן אַ באַהעלטעניש פאַר שווערד —
און יידן זוכן צו באַהאַלטן זיך פאַר מערדער.

דורך שפּאַרעס קוקט מען צו דער טויטשרעק אויפן גאַס,
דורך שפּאַרעס קוקט מען צו דער טויטשרעק אין
פאַרצווייפלונג;
אַט איז שוין דורך, דורך גאַסן, דער אָבאָז —
די גאַסן — שטיל און שרעקנדיק און ליידיק.

דריי יידן האָבן די קאָזאַקן אויפגעהאַנגען,
דרייביימער אינעם וואַלד געוואָרן זעגען תליות;
פאַר נאַכט איז פייערדיק די זון פאַרגאַנגען
און גויִים האָבן קראָמען צעראַבירט.

פון הינטער שטאָט עס הערן זיך די שאָסן,
עס הערט זיך נאָך דאָס קוילנדיקע פייפן;
מען זאָגט, אַז ס׳טרעטן אָפּ די מערדערישע רוסן —
און ס׳וועלן אָנקומען דעם „פעטער וועלוולס״ *) דייטשן.

פאַר טאָג האָט מען די טירן אויפגעעפנט
און מ׳איז אַרויס פון בוידעמער און קעלערס.

*) יידן האָבן פאַרשטעלטערהייט אָנגערופן דעם קייזער ווילהעלם — פעטער וועלוול.

מען האָט די דייטשן שוין אין שטאָט געטראָפֿן
און אויפגענומען דייטשישע באַפעלן.

און יידן עפענען די קרעמלעך און די קראָמען
מיט „ביטע שיין" און הונדערטער „יאַוואָלן"...
און די דייטשן האָבן סחורות אָנגענומען
און צוגעזאָגט, אַז גאָט וועט שוין באַצאָלן.

## „פוילן דערוואַכט"...

שקצים אין מונדירן,
ביקסן און באַגנעטן,
שפּאָרן אויף די שטיוול
קלינגען צו די טריט.
שקצים אין מונדירן
זידלען דיך און שפּעטן:
— פאָר קיין פּאַלעסטינע!
דו „פּאַרשיווי זשיד"!

ווערן יינגלעך שטילער,
ווערן יידן בלאַסער —
און אויף ראָטהויז פּלאַטערט
פוילנס פרייע פאָן;
שיכורע ענדעקעס
יובלען אין די גאַסן,
שיכורע ענדעקעס
העצן צו פּאָגראָם.

ווילדעוועט די שנאה,
בושעווען ראַיאָטן;
באַנדעס כוליגאַנעס
שניידן יידנס בערד.
יידישע פאַרמעגנס
ווערן דאָ צעטראָטן
און ס'ווערן כוליגאַנעס
פון קיינעם נישט געשטערט.

ס'טראָגן כוליגאַנעס
מעסערדיקע שאַרפן —

אין פוילנס יעדן שטעטל,
אין פוילנס יעדער שטאָט.
פון לויפנדיקע באַנען
ווערט דער ייד געוואָרפן,
הפקר איז דאָס לעבן,
הפקר — יידיש בלוט...

גרינבוים *)
און פּרילוצקי **)
שרייען אויס דעם ווייטיק,
שרייען אויס די ליידן
מיט ביטערניש — אין סיים.
פּוילישע צענזורן
ווייסן אָפּ די צייטונג —
זאָל די וועלט נישט הערן
ס'יידישע געוויין.

„פּוילן פאַר פּאָליאַקן"!
קלינגט אין גאַס אַ לאָזונג,
„פּוילן פאַר פּאָליאַקן"!
שרייט מען דיר אין אויער;
פּוילישע בויאַנעס
האָבן זיך צעלאָזן —
ווערן שטעט און שטעטלעך
איינגעהילט אין טרויער.

*) יצחק גרינבוים, פירער פון ציוניסטן, פּאָליטיקער, דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים.

**) נח פּרילוצקי, פירער פון דער יידישער פאָלקספּאַרטיי, שריפט־שטעלער און כלל־טוער, דעפּוטאַט אין סיים.

# באַוועגונג

יינגלעך ווערן לייטישער,
מען קומט אין ביבליאָטעקן,
מען זיצט דאָרט איבער צייטונגען,
מען נעמט אַהיים זיך ביכער;
פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך
רופן אונדז און וועקן
ביי יעדן איז די וועלטפּראָבלעם
געלייזט — און טאַקע זיכער...

ווער עס איז אַ „רויטער",
און ווער גאָר אַ ציוני;
ווער ס'גייט אַוועק אין „גראָסער-קלוב",
און ווער צו פּועלי-ציון.
און ס'קומען דעלעגאַטן אָן,
און ס'גרינדן זיך פאַראיינען,
און ס'נעמען די פאַראיינען זיך
צעוואַקסן און צעבליִען.

איך ווער אַ פּועלי-ציוניק,
אַ לינקער פון דער „יוגנט",
און ס'ווערט מיר בער באָראָכאָוו
אַ וועגווייזער און פירער,
און גרייט בין איך מיט פויסטן
פאַר זרובבלען זיך צו שלאָגן —
און גרייטער נאָך צו לויבן אים,
צו זינגען פאַר אים שירה.

אין „קרייזלעך” ווערן אָנגעפירט
די היציקסטע דעבאַטן.
אַ „קרייזל” אויף אַ בוידעם־שטוב —
און יוגנט אויף דער וואַך.
עס פליִען די באַגרינדונגען
מיט ביישפּילן, ציטאַטן;
און אויגן ווערן ליכטיקער —
און ס'ברייטערט זיך דער שליאַך.

מיט לייענער און מיט ביכער
זענען פול די ביבליאָטעקן.
עס ווערן אונדז ראָמאַנען
און דערציילונגען באַקאַנט;
מיין שרייבערישער ווילן
הייבט אָן זיך צו צעוועקן;
פּרוביר איך ביי אַ ליכטשיין
אין נעכט אויס מיין טאַלאַנט.

כ'טראָג לידער אין די קעשענעס
און לייען זיי פאַר חברים,
איך שיק זיי צו דער „יוגנט־פאָן”
און וואַרט און האָף און וואַרט...
ביז איין מאָל האָט מיין נאָמען מיר
אַ גלאַנץ־געטאָן אין ד'אויגן;
אַ ליד מיינס איז שוין אָפּגעדרוקט,
אויף עפּעס זיך דערוואַרט!

## זיי מוז איך געפינען *)

עס קען זיך דער ווילן פון לעבן נישט שטילן,
מעג מען אים פאַנגען און בינדן —
וואָס שוואַכער און מידער
ס'ווערן די גלידער,
אַלץ מער וועט זיך פלאַטער צעצינדן.

ס'קען קיין געדאַנק נישט פאַרהאַלטן דעם גאַנג,
וואָס יאָגט מיט אַ שנעלקייט פון לעבן,
וואָס מערער עס וועלן
די נעפּלען זיך שטעלן —
אַלץ שטאַרקער וועט וועקן דאָס שטרעבן.

מעגט איר מיך שמידן אין אייזערנע קייטן,
אַז כ'זאָל אייך די שיינקייט נישט שפּינען,
דאָך וועט אין מיין מוח דער ווילן צעשטרייטן
און זוכן די וועגן ווו ס'וואַקסן נאָר קווייטן —
די וועגן, זיי מוז איך געפינען!

*) דאָס ערשטע אָפּגעדרוקטע ליד אין „יוגנט־פאָן", קראָקע, 1922.

# יחזקאל און איך

יחזקאל און איך — צוויי האַרציקע פריינד,
צוויי ליבלעכע יוגנט־חברים:
מיר האָבן צוזאַמען געלאַכט און געוויינט,
צוזאַמען געגאַנגען אין לעבן.

צוזאַמען געטראָגן פון „יוגנט" די לאַסט —
צוזאַמען געפילט די אחריות;
און שבת נאָך מיטאָג, פון רוישיקער גאַס,
אַריין אין בית־מדרש מיט ערנסט און שפּאַס —
צו טייכמאַנען לערנען משניות.

עס זענען דאָרט יידן געזעסן ביים טיש,
געזעסן, געטראַכט און געהערט,
מיט רויטע פאַטשיילעס דעם שוויים זיך געווישט —
ביז ס'איז זיך פּאַמעלעך געקומען צום טיש
דער משכיל רב מאָטיע בער.

ער האָט אונדזער רבין געכאַפּט ביי אַ גרייז,
און רק אים געשטאָכן מיט ווערטלעך:
— נו, זאָג מיר נאָר, יאָשקע, דעם טייטש,
אויב דו ווייסט?
שעם זיך נישט, זאָג, תנא־באַרטעק!

מאָטיע בער, דער משכיל, דער עילוישער קאָפּ
האָט רויִק און קלוג זיך געשמייכלט,
און געהערט דעם פּאַרטייטש,
און געגעבן אַ זאָג:
יאָשקע, דו האָסט נישט קיין שכל...
און דערנאָך זיך פּאַמעלעך די ברילן געווישט,
און גאָרנישט פאַרריכט, און אַוועק פונעם טיש...

# אין פוילישן מיליטער

איינס, צוויי, דריי, פיר,
כ'טראָג אַ זעלנערשן מונדיר —
און סערזשאַנטן, אָפיצירן,
זאָגן, אַז איך וועל קראַפּירן.
כ'לויף און פאַל
כ'פאַל און לויף,
ווי אַ בלאָטע אין הויף!
עמעץ האָט אַזוי באַפוילן
צו באַהאַנדלען מיך אין פוילן.

פשיאַקרעוו *) איז אַן איידל וואָרט
און ס'ווערט אויף יידן נישט געשפּאָרט;
ס'לערנט דער קאַפּראַל דיסציפּלין,
מיט פשיאַקרעוו און מיט „סוקין-סין"... **)

פאַר אַ מינדסטן ווידערשטאַנד,
כ'שטיי מיט פּנים צו דער וואַנט,
מיט דער ביקס און זאַק מיט שטיינער:
שטיי, דו זשידעק! לייבוש שיינער!

*) הינטיש בלוט.
**) הינטישער זון.

# ביי ל. מלאך אין הויז אַ מאָל אין אַ שבת

ביי מלאכן אין הויז אַ מאָל אין אַ שבת:
מ. ד. גיסער, יחזקאל און איך,
עס לייענט פאַר אונדז מלאך אַ נייע באַלאַדע —
און ס׳וויינען ביי אונדז די צעריסענע שיך...

אַ בילד אויפן וואַנט: מלאך אוודאי,
און אונטן דער קינסטלער פאַרצייכנט אַזוי:
„פרעגט מיך בחרם וואָס ס׳מיינט אַ באַלאַדע״...
און ס׳טרעפט, אַז מען איז אונדז מכבד מיט טיי.

ס׳איז מלאך אַ שרייבער, באַקאַנט שוין אין וואַרשע,
און אויך אַ רעדאַקטאָר פון „ראַדאָמער בלאַט״.
און ס׳טרעפט, אַז מען איז אונדז מכבד מיט קאַרשן —
און כ׳שעם זיך צו עסן און ענטפער: כ׳בין זאַט...

און שעמעוודיק שלעפּ איך פון קעשענע לידער,
און מלאך וויל דווקא כ׳זאָל שרייבן הומאָר.
אויב נישט, זאָל איך געבן סאַטירישע לידער,
אויב נישט, זאָל איך שרייבן פון שתדלן אין שטאָט.

שרייב איך הומאָר און יום־טוב־ראָמאַנסן —
איז מלאך צופרידן און דרוקט זיי אין בלאַט.
און ס׳ווילט זיך פאַר פרייד אַזש אַ נעם טאָן זיך טאַנצן,
און כ׳זאָג זיך אַליין, אַז כ׳בין שוין אַ כוואַט.

# דאָס האַרץ איז נאָך יונג

דאָס הארץ איז נאָך יונג
און פול מיט באַגערן;
איך ניי נאָך די היטלען,
און דו — די קאַמאַשן,
און גוט איז דאָס אייגענע קול
צו דערהערן —
און גוט איז די זיסקייט
פון ביכער צו נאַשן.

מיר עסן פון ניידוסעם ליד
„אַבריקאָזן" —
אויף לאַנגע און ריטמישע שורות
געוואַקסן —
און שמעקן פון שורות אַרוים
די מימאָזן —
און ס'האַרץ איז נאָך יונג
און דער חלום צעוואַקסט זיך.

ביכער און ביכלעך, מענדעלע,
פרץ —
און ס'פּראַלן זיך ברייטער די טירן
צום דרויסן.
אַפילו אַ חקירה איז פול
מיט דרך־אֶרץ
צום ווערטל פון זיידן
„נישט דאָס בין איך אויסן".

מאַרקיש און ראַוויטש,
און אַלטער קאַציזנע —
און אורי צבי גרינבערג
(ער שרייבט נאָך אויף יידיש),
און קהלן זיך דאַרף מען,
צעפּראַלט זיך דאָס האַרץ נאָך
מיט נייגיר און חידוש.

# אַ שמאָל און לאַנג געוועלבל

אַ שמאָל און לאַנג געוועלבל
מיט אַ פֿאָרהאַנג אין דער מיט;
אויפֿן געזימס אַ שוועלבל
זינגט אונדז אויס אַ ליד.

דיין טאַטע ביים וואַרשטאַטל,
פֿאַרריכט אַן אַלטן שוך.
זיין פּנים זעט אויס זאַטער —
ווען דו לייענסט אַ בוך.

ער קוועלט, דאַכט זיך,
פֿון נחת —
דו לייענסט פֿאַר זיך אַליין;
אפֿשר „פּאַן טאַדעוש" —
ס'געדענקט זיך, דער רעפֿריין.

# אויף יענער זייט פאָרהאַנג

אויף יענער זייט פאָרהאנג —
אַ טישל, אַ באַנק,
צוויי בעטן מיט קישנס,
אַ הילצערנע שאַנק.

אַ קיכל צום קאָכן,
טעפּלעך און טעפּ.
און בלויז אין דער וואָכן —
עס הערן זיך קלעפּ.

ס׳צעקלינגט זיך דער האמער,
און עמעצער רעדט.
דאָס זאָגט דיר דיין מאַמע:
קום נאָר נישט צו שפּעט.

# די נעכטנס

עס שטעלן די נעכטנס זיך אוים
פאַר די אויגן,
די שולגאַס, דער רייטשל,
דער וועל.
די יידן פון שטאָט
האָבן קוילערס געקוילעט —
פאַרשרייב איך מיט זיי
דעם אַמאָל.

אַ מאָל איז געווען —
און אַ מאָל האָט געטראָפן
אַן אומגליק, אַ גרויס,
אין דער וועלט.
עס וועלן די נעכטנס
אין אייביקייט שלאָפן —
און ס'שלאָפט דער געקוילעטער
העלד.

מיר וואָלטן איצט דאָרטן
געווען אַ בייז ווונדער —
ווי מתים, וואָס קומען צוריק.
און דו ביסט דער קרומער,
און איך בין דער בלינדער —
מיר שפּילן אין הויף
די מוזיק.

עס סקריפּען די פידלען,
און ס׳כאָרכלען די קולות,
די אַמעריקאַנער שיף
האָט זיך איבערגעקערט;
אויף הויפן, אין שטיבער,
איז טויט שוין דער עולם —
עס האָט זיי דאָס פייער
פאַרצערט.

עס גרימפּלען אויף פידלען
צוויי אָרעמע „דזשאַדעס" —
„מוזיקאַ יאַנקעלאַ"
צי גאָר?
עס וואָלט זיי מיצקעוויטש
פאַראייביקט אין לידער,
נאָר ס׳ליגט אַ פאַרברענטער
דער כאָר.

ער ליגט אין אָשוויענטשים,
ער ליגט אין טרעבלינקע,
פאַרשרייב זיי, מיין ליבער,
פאַרשרייב.
פאַרגעס איצט די רעכטע,
פאַרגעס איצט די לינקע,
דער עיקר פאַרגעס נישט —
דאָס פאָלק...

פאַרשניץ זיך די פען —
און פאַרשרייב זיי,
די נעכטנס —

פֿאַרשרייַב זשע דעם גורל
פון ייִד.
ס'איז אפשר אַ כראָניק
צום מאָרגן געדענקטער,
ווי ס'איז פון אַ דיכטער
דאָס ליד.

אויגוסט 1966

# בלעטלעך פון זכרון

פאַראַן איז אַ שטאָט דאָרט, אין פּוילן,
און ס׳קלינגט אַזוי היימיש דער נאָמען.
אָט הויבן זיך אָן צו צעקנוילן
די נעכטנס,
ווי כ׳וואָלט ערשט געקומען
פון ראָדעם, פון היימישן ראָדעם —
מיט ענגע וואַרשטאַטן און קראָמען,
מיט הייזער און גאַסן און געסלעך,
מיט יידן, וואָס פלעגן דאָרט קומען
פון קאָזשעניץ, פּזשיטיק און סקאַרשעוו —
צי גאָר פון יעדלינסק און שידלאָוועצע;
יידן מיט מוחות גאָר שאַרפע —
אין מסחר, אין האַנדל פאַרקאָכטע.

עס לערנען אין גרויסן בית־מדרש
יונגע און עלטערע יידן.
מען פּילפּולט זיך איבער אַ מדרש.
און ס׳טרעפט, אַז מען טאַנצט אַ רקידה
מיט ברען, און מיט הענט אויף די אַקסלען,
און ס׳הייבן די פיס זיך מיט פייער,
און ס׳רעדל ווערט גרויס, און ס׳צעוואַקסט זיך,
מען איז זיך גאָר פשוט מחיה.

כ׳געדענק נאָך דעם וועל, די שולגאַס,
דעם רייטשעל, דעם מאַרק מיט געשטעלן —
מיט צעלניק, מיט הויזן און היטלען,
מיט לייוונט און באַנד און קאַרעלן.
עס קומען די פּויערים פון דערפער

מיט געװדז און מיט הינער און אייער,
און סוחרים, מיט קעפּלעך גאָר שאַרפע,
פּלעגן אַרום זיי זיך דרייען
און אויסדינגען זיך אויפן מקח,
און פּאַטשן מיט הענט אין די דלאָניעס;
װער טראַכט גאָר פון װיין, צי פון לעקעך?
עס דאַרפן בלויז יידן פּרנסה.

מיט לעדער פּלעגט ראָדעם זיך גרויסן —
מען שיקט דאָס אַװעק אין מרחקים.
די פּאַרטיקע יוכטן אויף שטיװל,
געמזע און כראָם אויף קאַמאַשן.
און סוחרים פון לעדער, פון האַרטע,
שמייען אַרום אין די קראָמען
און װאַרטן, אויף פּדיון זיי װאַרטן —
אַז ס'זאָלן די קונים שוין קומען.
קומען גאָר טרעגער פון מאַרק אָן
מיט שטריק, װי געגאַרטלטע חסידים —
זיי שעלטן מיט קללות, מיט האַרבע:
„אַ פינצטערער יאָר די נגידים"...

עס דרייען זיך מעקלער געניטע,
זיי אײלן אַרום דאָ פאַרהאַװעט
און זוכן מיט אויגן און היטן
די פרעמדע, װאָס קוקן טשיקאַװע.
זיי פירן אַװעק זיי דורך הויפן
און קלעטערן שװער אויף די שטיגן —
אַלץ װאָס איר װילט קענט איר קויפן
אין שטובן, װוּ מאַמעס פאַרװיגן
די קינדער, זיי זאָלן נישט װיינען,

זיי זאָלן נישט שטערן אין מסחר —
קינדערלעך, אייגעלעך שיינע,
אָט איז אַ גאַסט דאָ פון פשיסכע.

מען דאַרף אויך אין יד אַריין געבן
דעם סטראַזשניק אַ מאָל אַ פּאָר זלאָטעס —
„אַז בלינד זאָל ער ווערן, דער ערל,
ווער האָט אַזוי פּיל, ווער האָט עס ?
אַ נכפּה אויף אים, אַ כּפּרה״,
ער דרייט זיך אַרום דאָ געלאַסן
און נישטערט און זוכט נאָר חטאים —
און דווקא אויף יידישע גאַסן.

*

געגריוועטע שוסטערס
און שניידערס טאַנדעטנע,
און שניידערס, וואָס אַרבעטן בלויז
אויף באַשטעלונג...
אָט לייט מען, אָט באָרגט מען,
אָט צאָלט מען, אָט וועט מען — — — —
און ס׳זיצן מלמדים און זיפצן
ביים קנעלונג.

סטאָליאַרעס הובלען די ברעטער
אויף בעטן;
דעם ריח פון געהילץ איז גאָר
שווער צו באַמאָלן.
מען דאַרף נאָר צום נגיד
אַ לויף טאָן, אַ בעט טאָן,
נישקשה, דער חזיר, ער מעג שוין
באַצאָלן.

מען נייט נאָך די היטלעך
פון זייד און פון סאַמעט,
פון טוך — און מיט גלאַנציקע דאַשקעס
פאַר פויערים.
ווער עס קאָוועט אַ פערד דאָ,
ווער ס'ריכט אויס אַ כאָמעט —
ס'אַרבעטן יידן,
מען ווערט נישט פאַרלוירן.

*

לאַנגע טישן, לאַנגע בענק,
ספרים אויף די פאָליצעס
און שענק.
ביי די טישן זיצן יידן
און זיי לערנען מיט אַ ניגון:
„אָמר ר' פפא" און „אָמר אביי".
מען צופּט זיך די בערדלעך,
מען לערנט מיט התמדה —
מען איז מיטן לערנען
זיך פשוט מחיה.

פלוצלינג דערהערט מען,
געוויין און געוואַלד,
עס שרייט דאָ אַן אישה
און ברעכט זיך די הענט.
יידן, מיין מאַן איז, חלילה,
פאַרביי —
ראַטעוועט, יידן,
ער ברענט!...

זי שטייט שוין ביים אָרון
און קושט דאָס פרוכת,

און ס'דאַכט זיך,
אַז ס'לאָזן זיך אויס
איר די כוחות.
דאָס לערנען ווערט שטילער
און שטילער און שטילער —
עס שטייען דאָ יידן,
מען זאָגט פאַר אים
תהילים.

*

אין די קלובן,
ביבליאָטעקן,
זיצן יינגלעך
און זיי לייענען.
הערט מען דאָ אויך
רעדנער וועקן
צו אַ מאָרגן,
וואָס וועט שיינען.

ס'קומען מיידלעך
טוישן ביכער,
זיי קוקן זיך
מיט יינגלעך איבער —
לייענט מען שוין
אַ ביסל גיכער —
און מען גייט דערנאָך
שפּאַצירן,
„אָד רעמביקאַ
דאָ זלאַטניקאַ" —
און אין גאָרטן
אויף אַלייען.

און אַז קיינער
זאָל נישט זען,
דריקט מען צאַרט אויס
די געפילן —
און מען גנבעט,
אויב עס לאָזט זיך,
אויך אַ קוש,
אַ שטילן.

*

מען לערנט זיך פּויליש,
מען לערנט זיך דייטש,
און אַלץ מיט אַ היימישן
יידישן קנייטש.
מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי,
געטע און היינע —
פון אַנדערע דיכטער,
לידער גאָר פיינע;
האָמערס „איליאַדע"
איז דווקא גאָר וויכטיק,
און ס'ווערן די אויגן
גאָר ליכטיק און ליכטיק
ביים לערנען, ביים לייענען,
ביים טראַכטן און קלערן,
עפּעס צו זיין נאָך
און עפּעס צו ווערן.
אפשר אַ דאָקטאָר,
צי אפשר אַ לערער?

*

אַ ביסל מיט ערנסט,
אַ ביסל מיט שפּאַס,

צעטראָגט מען אַן אייגענע
ציימונג אין גאַס.
אַ „ראָדעמער וואָכנבלאַט"
און טאַקע אַן אייגנס.
ווער וועט דאָ שטום-זיין,
ווער וועט דאָ שווייגן?
עס ווערן דאָך עוולות
באַגאַנגען אין שטאָט,
איז גוט וואָס מען שרייבט,
און ס'איז גוט
וואָס מען מאָנט.

אויב ס'איז אַ ציימונג
אין שטאָט שוין פאַראַן,
דאַרף מען אַ צווייטע
שוין לאָזן אין שפאַן.
ווערט אויך געבוירן
דאָס „ראָדעמער לעבן".
זאָגט מען, אדרבה,
נו, זאָל זיך דאָ מערן
די קנאה פון סופרים,
פון הערץ און פון
מלאך —
עס איז נאָך ביז וואַרשע
אַ ווייטער מהלך.

שרייבן די שרייבער,
און ס'לייענען יידן.
די שטאָט, וואָס הייסט ראָדעם
איז טאַקע צופרידן.

*

עס שפּילן די קלעזמער אַ פריילעכס אין גאַס,
עס שרייט דער טרומפּייט און עס גרימפּלט דער באַס —
דאָס פידעלע וויינט זיך אַ יידישן ניגון.
עס טאַנצן דאָ יידן, ס'פרייען זיך יידן,
אָט טראָגט מען די שטאַנגען, די פיר צו דער חופּה,
און ס'פרייען זיך יידן און טאַנצן און טופּען.

אַ ייד, אַ גביר, איז דער גאַנצער מחותן, —
ער גייט דאָ געלאַסן און פּאָרכטיק אין מיטן.
עס האָט אים מיט מזל געהאָלפן דער בורא,
האָט ער געלאָזט פאַר זיך שרייבן די תורה —
אַ ספר האָט ער דאָ געלאָזט פאַר זיך שרייבן,
אַז ס'זאָל נאָך זיין נאָמען אַ זכר פאַרבלייבן.

טאַנצן דאָ יידן אַ פריילעכס, מען האַוועט
אויף שטיינער פון ברוק, ס'איז פריילעך, טשיקאַווע.
צו דער שול, צו דער שול, צו דער שול און צום אָרון —
און ס'וויקלט אַ בלעטל זיך אויף אין זכרון.

דער סופר, וואָס האָט דאָ די אותיות געשריבן,
אַן אות פאַר אַ יידן, אַן אות פאַר אַ יידן,
ער איז דאָ אין קאָן דער מחותן
און טאַנצט בגלופין אַליין אויך אין מיטן.

*

אַלץ איז אַוועק שוין, אַלץ איז פאַרגאַנגען —
מען הערט נישט אין ראָדעם קיין יידיש געזאַנג שוין.
עס האָבן די רוצחים פאַרברענט און געהאַנגען,
די ראָדעמער יידן, זיי זענען פאַרגאַנגען,
מיט יידן פון שטעטלעך, מיט ווייבער און קינדער,
און בלויז דער זכרון פאַרצייכנט די וווּנדן.

# פונקען אין אש

אין ליכטיקן אָנדענק פון מיינע דריי ברידער און דריי שוועסטער, מיט זייערע משפחות, אומגעבראַכטע פון נאַצישע קוילערס, בימי היטלער ימח שמם!

# צינד אָן די יאָרצייט־ליכט

צינד אָן די יאָרצייט-ליכט
אין האַרץ און אין זכרון!
עס לויפט די צייט,
און שיכט נאָך שיכט
עס לייגן זיך די יאָרן
אויף אונדזער בראָך
און צער און וויי
נאָך זעקס מיליאָנען קדושים.
ווען פרילינג שפּראָצט און בליט
— אויף ס'ניי
דערמאָנט דאָס אונדז אין חושך.

צינד ווידער אָן די יאָרצייט-ליכט
נאָך העלדן און מאַרטירער.
ווען פרילינג בליט מיט יונגן צוויט
און פייגל זינגען שירה —
דערמאָנט דאָס אונדז אין געטאָ-ווענט,
אין היטלערס טויטן-מאַרשן,
אין קראַך פון פאַלנדיקע ווענט,
ווען געטאָ ברענט
אין וואַרשע.

עס טריפט דאָס בלוט
פון אונדזער וווּנד
און אונדזער לייב-און-לעבן.
אָ, ווער קאָן נאָך דעם שונאס זינד
פאַרגעסן און פאַרגעבן?

אַז הייליק איז אַ שטויבל אַש
פון אונדזערע קדושים ;
אָ, יתגדל ויתקדש,
און צינד מיט זון דעם חושך.

1961

# דאָס אַש אין די וואָלקנס

ערגעץ אין די רוימען
שווימען וואָלקנס גרויע —
מיט אַש און רויך פון קוימענס —
איינגעהילט אין טרויער.

טראָגן וואָלקנס שטומע
דאָס אַש פון די קדושים,
און די ווינטן ברומען,
און די ווינטן רוישן.

אַש און רויך פון קוימענס,
פון די ווילדע נעכטנס,
זוכן אין די הימלען
דעם אל מלא רחמים.

און ס׳דאַכט זיך, אַז די ווינטן
זיי וויינען און זיי קלאָגן:
נאָך זעקס מיליאָן קדושים,
ווי קען מען קדיש זאָגן?

ווי קען מען דאָס פאַרגעסן,
פאַרגעבן און דערשטיקן?
זעקס מיליאָן קדושים
זוכן נאָך אַ תיקון.

און ביז עס וועט נישט שלאָגן
די קוילערס לעצטע שעהען —
וועט דאָס אַש אין וואָלקנס
נישט ראַסטן און נישט רוען.

פעברואַר 1962

## בריוו

איך שרייב אָפּט אַ בריוו
מיין פאַרברענטער משפּחה,
אַ בריוו אין געדאַנק,
מיינע ברידער און שוועסטער —
און קינדער, וואָס האָבן געטיילט
זייער מערכה —
איך שרייב זיי כסדר
און כ׳האָב קיין אַדרעס נישט.

קיין בערגל מיט ערד,
און קיין ברעטל צוקאָפּנס —
קיין צייכן, קיין נאָמען,
וואָס זאָגט אָן: „פּה נקבר" —
ווי ס׳וואָלט זיך אַ ליימענער גולם
צעשאָטן —
איך בין פון די בריוולעך
דער וויסטער מחבר.

איך ווייס נישט ווו ס׳האָט זייער געביין
זיך געררויכערט —
אין אוישוויץ, טרעבלינקע,
צי גאָר אין מיידאַנעק;
מיין האַרץ איז, ווי אַ הימל
מיט וואָלקנס פאַררויכערט —
און ס׳האָט נאָך מיין שכל
ביז איצט נישט פאַרשטאַנען
די זינד פון צו האָבן
אַ יידישן טאַטן,

דעם חטא פון צו האָבן
אַ יידישע מאַמע.

איך שרייב אָפט אַ בריוו
מיין פאַרברענטער משפחה,
אַ בריוו פון געדאַנקען
מיט בלוט און מיט טרערן.
עס רייסט זיך מיין לייב
זייער צער צו פאַרזוכן,
אין גרויזאַמען אומגליק
זייער קול צו דערהערן.

מיר דאַכט זיך, זיי קומען
צוריק פון די הימלען,
אין אַש און אין סאַזשע,
פון וואָלקנס, פון שווערע.
און כ׳הער זיי באַפעלן,
זיי זענען מיר גוזר —
צו לעבן און לעבן.

סעפּטעמבער 1962

# אַ יידיש האַרץ

גיי פאַרשטיי אַ יידיש האַרץ,
און אויגן ליכטיקע און שיינע.
זיי ווערן, ווי אַ פאַנצער, האַרט
און קענען זיך פון פרייד צעוויינען.

שטיל אין צרות,
האַרט אין לייד,
אַז ס׳זאָל דעם פייניקער נישט פרייען.
קומסט אויף שמחות,
גליק און פרייד,
גיסן טרערן זיך
פון ווייען.

וואַנדן אַלטע פון אַ מאָל,
טויזנטיאָריקע און פרישע.
אויף אַש פון אויסגעברענטן קהל —
האָט זיך געהייליקט מיין ירושה.

גיי פאַרשטיי אַ יידיש האַרץ,
און אויגן טרויעריקע,
פאַרטראַכטע —
זיי ווערן ווייך,
און שטאָליק האַרט,
און פול מיט ווי פאַר שוואַרצע נעכטנס -
גיי פאַרשטיי...

1963

## דער נס

ס'איז מיין לעבן גאָר אַ וווּנדער,
כ'בין אַ לעבעדיקער נס:
אַליין, אַליין פון זיבן קינדער,
און טייל מאָל דאַכט זיך,
אַז כ'פאַרגעס.

כ'האָב געהאַט אַ מאָל אַ מאַמע,
ברידער דריי און שוועסטער דריי,
זענען זיי אַוועק אין פלאַמען —
און איך לעב דאָ מיט מיין וויי.

ס'וויינט דאָס הארץ פאַר זייערע ליידן,
טרערן רינען אוים פאַר צער.
כ'לעב, אַז ס'לעבן זאָל פאַרמיידן
נאָך אַ מאָל אַזאַ מין גזר.

טייל מאָל נעמט דאָס הארץ מיך פּלאָגן,
רייס איך קברים פון געמיט.
ס'האָט מיין שיף געקאָנט דאָך טראָגן
אויף מיין אָרט אַ צווייטן ייד.

ס'האָט געקאָנט דאָך זיין מיין ברודער,
שאול, אהרן, צי גאָר שמואל.
צי אַן אַנדער, אַנדער ייד גאָר
פון מיין אומגעבראַכטן קהל.

כ'האָב געהאַט אַ היימשטאָט ראָדעם —
ברידער דריי און שוועסטער דריי.
כ'בין געבליבן בלויז איין פאָדעם —
קלאָגט דער נס פון צער און וויי.

1964

# עס פעלן מיר קללות

איך בין נישט געשטאַנען מיט זיי אין די רייען,
ווען טויט האָט געהאָגלט פון נאַצישע הענט.
איך בין נישט געווען דאָרט צו העלפן באַפרייען
דעם יידישן כבוד פון רוצחישע הענט.

נאָר ס׳קלאַפּן אין האַרץ מיר די רעדער פון באַנען —
מען פירט מיין משפחה צו ווערן פאַרלענדט;
אַ באַן קיין טרעבלינקע, אַ צוג קיין מיידאַנעק —
קיין אוישוויץ — צו ווערן פאַרגאַזט און פאַרברענט.

עס פירט מיין זכרון מיך אָפּ צו די נעכטנס —
ס׳איז ראַדעם געווען מיין היימשטאָט, מיין היים.
איך זע מיין משפחה מיט אויגן פאַרמאַכטע —
אַ בוים האָט, דורך דורות, געבליט אַזוי שיין.

מיין מאַמע איז אוודאי געווען אַ צדקת,
זי האָט אַליין נישט געוווּסט פון איר גליק:
זי איז שטיל געשטאָרבן אין ראָדעמער געטאָ —
מען האָט זי צום טויט נישט געפירט מיט מוזיק.

זי האָט זיך אַליין נישט געגראָבן קיין קבר
און האָט אויף ישועות געהאָפט און געגלויבט.
זי איז נאָך געקומען צו קבר־ישראל —
אַ דאַנק פאַרן חסד, אַ דאַנק און אַ לויב.

עס שווימען אַוועק די חדשים און יאָרן —
און ס׳זילבערן זיך אויפן קאָפּ מיינע האָר.
נאָר יונג איז מיין צער
און שטאַרק איז מיין צאָרן,
און ס׳פעלן מיר קללות צו שעלטן די וואָר.

אַפּריל 1965

## פונקען אין אַש

פונקען אין אַש —
זיי קענען צעגליִען דאָס פייער;
דערלאַנג זיי נאָר ווינטן —
דו הייליקער גאָט
און געטרייער!

פונקען אין אַש —
טאַטעס און מאַמעס און זין,
און ליכטיקע יידישע טעכטער.
באָבעס און זיידעס און קינדער,
און פעטערס און מומעס;
פונקען אין אַש —
פון יידן פאַרברענטע.

פונקען אין אַש —
די וועלט איז נאָך פול מיט רציחות.
עס קומען געקוילעטע יידן אַהער דאָ
צו סליחות —
זיי קומען צוריק מיט פאַרברענטע,
פאַרשניטענע לעבנס —
ס'זאָל גאָט ביי זיי בעטן מחילה,
ס'זאָל גאָט ביי זיי בעטן פאַרגעבונג.

מאַרץ 1968

## זינגט!

זינגט!
און פאַרגעסט נישט
די אויוונס —
די קוימענס מיט פּאַסמעס
פון רויך.
עס שוועבן די יידן דאָרט
אויבן —
אין אייביקער, הימלישער הויך.

דער ווינט טראָגט זיי העכער
און ווייטער —
זינגט מיט זיי זמירות
פון פּיין.
מיט ברען און מיט דרייסטקייט
פאַרשייטער,
פאַרמעסט זיך
צום אייביקן זיין.

איר האָט כשר פאַרדינט די גבורה
אין אויוונס פון פייער
און גאַז.
פון אַלע פאַרבאָרגענע קברים
שטייט אויף איצט און זינגט
מיט עקסטאַז.

פאַר פרייד
פונעם לאַנד דאָס באַנייטע —

ס'וועט יאוש נישט זיין
אונדזער פאַן;
קדושים אין הימלען
באַפרייטע —
זינגט מיט אונדז אייביק
אין כאָר!

# דער קדוש אברהם ,,קייסער''

(אַ כראָניק)

.1

אַ יונג פֿון דער שולגאַס,
אַ פּשוטער גנבֿ —
ער האָט גאָרנישט געוווּסט
און האָט גאָרנישט פֿאַרשטאַנען,
אַז ס'טליִעט אין האַרץ נאָך געפֿיל
און אחריות.

גנבֿענען פֿלעגט ער אויף שׂמחות, לוויות,
צי גאָר אין די מאַרקטעג
ביי פּויערים און ייִדן.
ער וואָלט פֿון גניבֿות געלעבט זיך צופֿרידן
מיט ווייב און מיט קינדער.
נאָר ס'האָט אין זיין האַרץ זיך אַ פֿייער
צעצונדן —
ווען ער האָט דערזען אַ בייל אויף אַ ייִדן —
אַ וווּנד פֿונעם רשעות
פֿון אַנטיסעמיטן אין פּוילן.

עס פֿלעגט אברהם „קייסער"
זיין כּעס נישט פֿאַרהוילן,
נאָר שלאָגן צוריק כּפֿל-כּפֿלים.
דערנאָך פֿלעגט ער מיט חבֿרה
ביי שלמה-גאָרגל אין טשאַיניע,
עסן קיכלעך און טרינקען לחיים.
זיי פֿלעגן פֿאַרבייסן מיט ברויט

און מיט הערינג,
און נאָך אַ מאָל שטעלן צום טיש
אַ קוואַרטירל —
און שיכורערהייט זיך שוין שווערן
און שווערן:
ער׳ט שפּאַלטן קעפּ און טרייבערן געהירן.

.2

ס׳איז גוט אַוועקצוגיין אין אַלטן גאָרטן
שבת, נאָכן עסן.
די וואָך פון אַרבעט און פון דאגות
צו פאַרגעסן
צווישן הויכע שמעקנדיקע ביימער —
קאַשטאַנעס און אַקאַציע,
און דיסקוטירן:
צי זענען יידן טאַקע אַ פאָלק,
צי בלויז אַ נאַציע?...

יידן פלעגן מיטנעמען אַהין
אַ מעשה-ביכל און לייענען,
און יידענעס — אַ שבתדיקן אייער-קיכל
און יינגלעך — אַ שקאָרמיצל מיט באַניע-קערן
און אַלע פלעגן הערן,
ווי די פייגל זינגען שירה.

יידן זיצן אויף די בענק
און זענען זיך מחיה;
מען זאָגט מבינות אויף אַ הימל
און מען ווינטשט זיך:

צום באַנייען!
און מען שמועסט בנעימותדיק, געלאַסן,
דורכגעפלאָכטן מיט אַ ווערטל
און מיט שפּאַסן.

מען טרעפט דאָ יידן ליגן אויף די גראָזן.
מיט הענט פאַרלייגטע אויף צוקאָפּנס
און קעפּ פאַרריסענע צום הימל,
כאַפּן זיי אַ שבתדיקן דרימל.
נאָר שלעכט איז מיט די פּוילישע בויאַנעס,
וואָס קומען אָן מיט שטעקנס און מיט שטיינער,
גרייטע אָנצוברעכן יעדן ייד די ביינער —
און זיי שרייען מיט ווילדע קרומע מינעס:
„זשידזשי, דאָ פּאַלעסטיני!"
ווערט אַ געלאַף, ווי פון אַ פייער,
מען וויל אַנטרינען.

— לויפט נישט, יידן!
לויפט נישט! — הערט מען שרייען;
און ס'הייבן זיך געשלעגן אָן
היציקע און הייסע.
און ייִנגלעך, יידישע, פון שולגאַס
און פון וועל
יאָגן זיך פאַרויס מיט אברהם „קייסער".

ס'פליִען שטיינער
און עס זעצן פויסטן;
עס הערן זיך די קולות
און די זידלרייד פון ווייטנס.
און אברהם „קייסער"

מיט אַן אײַזן,
ווי אַ שווערד, אַ גרויסע,
פאָכעט אין דער לופט
און בוכטשעט אין די זייטן.

ס'ווערט ווידער אײַנגעהילט אין שבת־רו
דער אַלטער גאָרטן,
און יונגען הוידען זיך אויף הוידעלקעס
און רייטן אויף ראָווערן —
ביז ס'גייט פאַרביי אַ פרומער ייד,
אַ סוחר,
און לאָזט זיך הערן:
יונגאַטש! פושע! עוכר!
געדענק, דו וועסט שוין ווערן אויסגעריסן...

.3

ס'זיצט אברהם „קייסער" גאָר אָפּט
הינטער קראַטעס
אין ראַדעמער תפיסה
אויף וואַרשעווער אײַנס.
ער קוקט אַ פאַרבענקטער אַרויס
צו די יאַטן,
וואָס דרייען זיך אָפּט מאָל
פאַריתומט, אַליין.

ער ציילט דאָרט די שעהען, די טעג
און די וואָכן.
ער'ט ווידער אַרויס אויף דער ליכטיקער
פרײַ —

ביים גנבען האָט ער ס'געזעץ
ניִשט פאַרבראָכן —
נישקשה, נישקשה, די צייט וועט פאַרביי.

ער'ט ווידער אויף פינצטערע גאַסן
זיך שלייכן
צו אַ נייעם משא־ומתן —
אַז דאָס איז זיין פאַך;
אַ בראַנד אויף די פּאַסערס,
זיי ווערן דאָך רייך גאָר —
און ער איז אַ גנב און רעדט נישט
קיין סך.

אַ בראַנד אויף די פּאַסערם —
די כשרע יידן,
וואָס זיצן אין סוכה
און גלעטן די בערד...
און ער דאַרף דאָ זיצן און שווייגן —
מסתמא איז דאָס אים פון הימל באַשערט.

.4

ער גנבעט נישט מער, אברהם קייסער,
אים פירט צו דער אַרבעט אַ וואָך.
זיין האַרץ ווערט אַלץ יידישער, הייסער,
זיין קאָפּ איז מיט סודות פאַרטראַכט.

ער האָט נישט געלערנט אין קיין חדר,
אַ סטראַזשניק פלעגט געבן אים שמיץ.

און גנבענען פלעגט ער כסדר
אין רעגן, אין שניי און אין היץ.

אין פינצטערע נעכט, אין פאַרטאָגן,
פלעגט ער דרייען מיט ווייטרע אַ שלאָס.
אַנטלויפן, ווי נאָר מען פלעגט יאָגן —
ווי נאָר ער פלעגט הערן אַ שאָס.

נאָר זינט ס׳זענען דייטשן געקומען
מישט זיך אין קאָפּ אַ געדאַנק,
און עקבערט, און שעפּטשעט: נקמה —
און ס׳פורעמט זיך אויס אַ פאַרלאַנג:

אַליין דאָ אַ דייטש צו דערשטיקן,
און טאָן דאָס מיט אייגענע הענט.
דערנאָכטן שוין מעג מען אים שיקן
אַפילו צו ווערן פאַרברענט.

נאָך קיין מת איז נישטאָ קיין באַדויער,
דער טויט — ער באַפרייט און דערלייזט;
אַ וועלט ליגט אויף יענער זייט טויער —
און שיקט נישט קיין ביקס און קיין טרייסט.

## אַ תפילה צו דער וועלט

איך בעט דיך, וועלט,
קוק נישט איבער אונדז אַריבער.
וויש אויס די ברילן דיינע
פון שוואַרצן סאַזשערויך
און זע:
עס קומט מיין פאָלק פון געטאָס
און פון גריבער,
פון שונאימס מעסערדיקע הענט
און דורותדיקן וויי.

קוים־קוים, מיט נסים,
פונעם חורבן זיך דערשלאָגן,
דאָס שטיקל לאַנד, די נחלה
און די פאָן.
און ווידער ווילן שונאים
אונדז פאַריאָגן —
און ווידער איז מיין אומה
איינגעשטעלט אין קאָן.

כ'פאַרמאָג אַ שול,
אַ פעלד מיט גרינע בייטן,
אַ שופר־קול,
וואָס וויל זיך גאָרנישט בייטן,
אַ וואָר,
וואָס האָט זיך אויסגעוועבט פון חלום —
אַ האַנט,
וואָס טראָגט אַנטקעגן דיר אַ שלום.

איך בעט דיך, וועלט,
קוק נישט איבער אונדז אַריבער.
פאַרגין אונדז אונדזער ליד
פון אַלע לידער —
דעם שיר השירים.
קריג איז קיין מאָל נישט געווען
ביי אונדז קיין טוגנט.

מיר זענען יידן,
עברים, נישט קיין דייטשן.
ס'איז שוין גענוג מיט פייער
אונדז צו בייטשן —
מיט האַקנקרייצן און מיט
ברענענדיקע צלמים —
מיר האָבן מער ווי אונדזער חלק צער
באַקומען.
איך בעט דיך, וועלט,
קוק נישט איבער אונדז אַריבער —
אין שעהען פון נסיון
לאָז פאַר אונדז דאָס פרייע לעבן איבער.

יוני 1967

# אַ ייד מיט אַ נומער

(צו מיין בן־עיר טוביה פרידמאַן)

אַ ייד מיט אַ נומער, געבראַנדיקט די האַנט
דערלעבט האָט דעם נס פון באַפרייונג.
נאָך זעט ער די נעכטנס פון נאַצישן בראַנד,
נאָך הערט ער דאָס וויינען און שרייען.

נאָך זעט ער קרבנות צעשטעלט אין אַ ריי —
צום טויט און צו שקלאַפישן לעבן.
עס ציטערט דאָס האַרץ אויף פון צער און פון וויי,
ווי קען מען פאַרגעסן, פאַרגעבן?

עס שטייען די אויוונס נאָך אַלץ אין קאַצעט,
און ס׳ליגן מלבושים אין הויפנס.
דאָס אַש פון קדושים, עס רופט נאָך און וועקט —
און ס׳לאָזט זיך נאָך אַלץ נישט פאַרקויפן.

אַ ייד מיט אַ נומער, וואָס זוכט אין דער וועלט
דעם תליון, דעם בלוטיקן הענקער.
און זאָל ער צום משפט דאָ ווערן געשטעלט —
און זאָל מען דאָס בלוט אים נישט שענקען.

# מיין ניגון

טייכן פון בלוט און פון טרערן
שווימען אַרום אין מיין ליד —
צו גאַסן פון טויט און צעשטערונג,
ווו ס'איז שוין נישטאָ מער
קיין ייד.

עס זענען פאַראַן נאָך די קראָמען
פון שניט און פון צעלניק און שיך;
און כ'הער פון דער וויַיט איצט נאָך ברומען,
דעם ניגון, דעם אַלטן —
אין מי'ר.

ער הויכט איבער ראַדעמער גאַסן,
זשעראָמסקי און וואַרשעווער גאַס;
ער קומט אָן פון אומגליק,
אַ בלאַסער,
און פרעגט מיך:
פאַר וואָס אַזאַ האַס?

עס קען נישט מיין ניגון אַנטרינען,
ווי ס'קען נישט מיין שאָטן אַוועק.
ער שטייט מיט מיר אויף אין באַגינען
און וויגט מיך ביי נאַכט איין
מיט שרעק.

1968

# איך טראַכט וועגן נגב

זאַמד און הימל און כאַמסינען,
זאַמד — און בייזע ווינטן הייסע ;
בעדויִנער־קאַראַוואַנען
שלעפּן אין דער ווייט אַ משא
אויף הויקערדיקע מידע קעמלען.
זעצן זיי זיך צו און דרימלען
ביי אַ בלאָטיקער קאַלוזשע.
וואָס זשע וויל מען פון אַ מדבר,
וואָס זשע ?

עס וואָיען אין די נעכט שאַקאַלן,
בייזע הונגעריקע חיות,
ווילד אין לויער צו באַפאַלן,
צו צערייסן און פאַרצוקן.
פאַלן בעדויִנער אויף די קני
זיך בוקן,
מיט אַ תפילה אויף די ליפּן,
„אַלאַ", גאָט, זאָל זיי באַשיצן
אין דעם וואַנדערוועג
דעם ווייטן.

ס'איז אַזוי געווען פאַרצייטנס,
ס'איז אַזוי געווען ערשט נעכטן —
ביז אַ פאָלק איז אָנגעקומען
פון רדיפות און פון שלאַכטן,
און געשטעלט זיך פלייסיק בויען
נייע הייזער און פאַבריקן,
נייע גאַסן און שאָסייען,
און אַ ליכטיק־נייעם עיקר.

וואַקסט אַ קיבוץ פון פּיאָנערן,
וואַקסט אַ קיבוץ פון חלוצים,
און דער זאַמדיק־וויסטער נגב
שפּאַנט זיך איין אין זייער רצון.

בויט מען הייזער און טעראַסן,
און מען אַקערט־אויף דעם באָדן;
פון די וייטן ציט מען וואַסער
פאַרן פעלד און בוים און שאָטן.
ביימלעך, יונגינקע און דינע,
דאַרפן צוימען די כאַמסינען,
די צעווילדעוועטע הייסע.

וואַקסט אַ וווּנדער־שיינע מעשה
פאַר די קינדער, יונגע, קליינע,
אין אַ קינדערהיים אַ ריינער,
ווען דער טאַטע און די מאַמע
איז מיט אַרבעט אָנגעלאָדן,
אַז אין זאַמדיק־ווילדן נגב
זאָל צעזינגען זיך דער באָדן.

**1963**

# אויב מיר װעלן זיך באַמיען

אויב מיר װעלן זיך באַמיִען,
װעט דער נגב זיך צעבליִען,
װעט דער נגב זיך צעגרינען
איבער זאַמדן און כאַמסינען.

איבער זאַמדן, גלעט, הייסע,
װעט אַ גאַרטל פון פּרדסים
זיך צעגרינען און צעבליִען.

נאָך אַ קיבוץ, נאָך אַ ישוב,
נאָך אַ שטאָט און נאָך פאַבריקן.
נאָך אַ טאַנץ און נאָך אַ חופּה,
נאָך אַ זמר אויף די ליפּן.

נאָך אַ פולע שול מיט קינדער,
נאָך אַ סטאַדע שאָף און רינדער,
נאָך אַ קוסט קאָלירטע בלומען —
און אַ מאָרגן, װאָס װעט קומען
פול מיט פרייד און פול מיט װוּנדער.

אויב מיר װעלן זיך באַמיִען,
װעט דער נגב זיך צעבליִען,
װעט דער נגב זיך צעגרינען
איבער זאַמדן און כאַמסינען.

1965

## ווען ס׳קרייעט אַ האָן
## אין שער הגולן

ווען ס׳קרייעט אַ האָן
אין שער הגולן,
הערט מען דאָס קרייען
אין לענדער, אין דריי.
וואָס מאַכט דאָס אוים?
כל־זמן ווי די שנאה,
מיט ביקס אין דער האַנט,
צילט נישט צום קיבוץ,
צו שער הגולן —
און ס׳פעלד איז צעאַקערט
און גרייט צום פאַרזיי.

ווען ס׳קרייעט אַ האָן
אין שער הגולן,
גייט אויף דער גאַנצפרי
מיט חלוצישער מי,
און ס׳קומען פאַר נאַכט
פון דער פאַשע די קי
מיט מילך אין די אייטערס.
מען הערט פון דער ווייט שוין
זייער זאַטן פאַרנאַכטיקן מ־ו־ו־ו —
דאָס לעכצן נאָך רו.

ווען ס׳קרייעט אַ האָן
אין שער הגולן,
קרייעט ער אוים אַ שלום

צו דער וועלט.
עס גרייט זיך דער קיבוץ צו גיין
אין זיין שפאַן —
און ער העלט.

1965

# נאָכן קריג

מאַמעס באַקלאָגן די זין
און פרויען באַוויינען די מענער.
גבורים, וווּ זענט איר אַהין? —
דאָס לאַנד וועט איצט ווערן נאָך שענער.

ס׳וועט רויִקער זיין אין קיבוץ —
מען וועט אונדז אין נעכט נישט באַפאַלן.
פאַרשניטענע לעבנס — אַ שוץ,
ווי זוניקע פאַנצערס שטראַלן.

פון שלאַכטן אַוועק צו דער זון,
וווּ ס׳לייכטן אויף אייביק זייערע אויגן.
און ווער ס׳איז אַרום מיט אַ מום —
שווייגט, און זיין קאָפּ — נישט געבויגן.

געפאַלענע, ליכטיקע זין,
פאַרשניטענע יידישע טעכטער,
מיר ווייסן, אַז ס׳האָט נישט קיין זין
צו בעטן רחמנות ביים שעכטער.

מיר זענען דאָס אייביקע פאָלק,
געיאָגט פון ווולקאַנישער שנאה —
וואָס זוכט נאָך אַ תוכן, אַ טאָלק,
אין שלום, אין פריינדשאַפט, אין ליבע.

פון זומפּן פון זאַמד און פון שטיין,
פון חלום און אייזערנעם ווילן —
אַ גרוס צום צה״ל און צו ח״ן
פון אַ יידישן דיכטערס געפילן.

יולי 1967

## גבעת התחמושת*)

ס׳זענען פונקען פאַרבליבן אין שטיינער
פונקען פון פייער און טויט.
שפּאַן איך אַרום איצט אַליין דאָ
און כ׳זוך זיי אין זון, וואָס איז רויט.

איך שפּיר, ווי עס רינען די טרערן —
אַ טאָוול פון העלדן אויף שטיין ;
ס׳זאָל אַלע מאָל לעבעדיק ווערן
דער צער — און אין אויג דאָס געוויין...

פאַר העלדן, וואָס זענען געפאַלן,
פאַר לעבנס, וואָס זענען נישטאָ,
איך זוך זיי אַרום אין די שטראַלן —
אין ירושלימס בערג פון רו...

*) אַ באַוואָפנטער שטיינערנער באַרג, אַ פעסטונג אין ירושלים, אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה, ווו עס זענען געפאַלן אַ סך יידישע פּאַראַ־שוטיסטן.

# פאַר טאָג אין רמת־אביב

די פייגל שטייען אויף דאָ פאַר טאָג
פון שלאָף אין די נעסטן —
און זינגען זייער שירה
צום יידישן לאַנד.
די מוטיקסטע לידער
צו נייע פאַרמעסטן —
פייגל פאַר טאָג
מיט יידן בײנאַנד.

ליכטיקע וווּנדער
פון העלע פאַרטאָגן —
ביימער, פעלדער,
און גרינס פון דער ערד,
און ס׳פּיצעלע הימל
וואָס יידן פאַרמאָגן —
ס׳זאָל קיין מאָל מיין פרייד דאָ
נישט ווערן צעשטערט.

רמת־אביב, מאַי 1968

## אין חיפה

איך שלאָף נישט אין חיפה,
איך כאַפּ בלויז אַ דרימל
און ס׳שעפּטשען די ליפּן:
כ׳בין דאָ.
כהאָב נאָך נישט געזען
אַזאַ לויטערן הימל,
כ׳האָב נאָך נישט געשפּירט
אַזאַ רו.

עס בלאָזט דאָ אַ ווינטל
פאַר טאָג אויפן כרמל —
עס שלאָפט נאָך אין הייזער
די נאַכט.
נאָך פינקלען די שטערן
מיט זילבערנע פאַרבן,
און כ׳שטיי מיט מיין ליד
אויף דער וואַך.

הייזער און ביימער
צעשטעלט אויפן כרמל —
פון יידן געבויט און געפלאַנצט.
און ווער האָט דעם הימל,
דעם בלויען, באַפאַרבט דאָ?
דאָס איז שוין ביי גאָט
אין דער האַנט.

כ׳וויים ווער ס׳האָט געריסן די
שטיינער די האַרטע —

און ווער ס'האָט פּרדסים געפּלאַנצט,
אַ פֿאָלק האָט נאָך טויזנטער יאָרן
פֿון וואַרטן
אויף ס'ניי זיך מיט חדווה
צעטאַנצט.

חיפה, יוני 1968

# קוויטלעך ביים כותל.

יידן אין תפילין,
פאַרהילט אין טליתים,
מיט תפילות אויף ליפּן
ביים כותל־מערבי.
זיי ווילן די טויערן
פון הימלען צערייסן —
קוואַלן פון טרערן
ביים כותל־מערבי.

עס שטייט דאָ דער כותל
שוין טויזנטער יאָרן.
די הייליקע שטיינער,
פאַרוויינטע און אַלטע —
דערציילן פון צער
און פון יידישע צרות
אין קוויטלעך וואָס ליגן
אין ווינקלען, אין שפּאַלטן.

צי וועט זיי דער באַרגווינט
פון הר־הבית
פאַרטראָגן צו הויכן,
צעעפענען הימלען?
צי וועלן זיי ליגן
פאַריתומט, אָן כוחות,
און וואַרטן אויף נסים
און שלאָפן און דרימלען?

ירושלים, 1968

# אַ חתונה אין רמת־אביב

ס׳איז דאָ היינט אַ חתונה
און די קלעזמער שפּילן
אויף די סטרונעס פון מיין האַרץ
פריידיקע געפילן.

אויף די סטרונעס פון מיין האַרץ
ווײַנט זיך אויס דער טרויער —
ס׳איז דאָ היינט אַ חתונה,
ווערט דער הימל בלויער.

ס׳טאַנצן יידן אויפן גראָז,
געסט און מחותנים;
ס׳איז צו טאַנצן דאָ פאַר וואָס —
פלאַטערט מען ווי פאָנען.

טאַנצן עלטערע באַזאַכט,
און פרייליעכער — די סאַברעס:
ווערט דער הימל היינט ביי נאַכט
די שענסטע קאַנדעלאַברע.

ס׳פינקלען שטערן אין דער הויך,
ליכטיקן און גלאַנצן.
חתן־כלה טאַנצן אויך —
ס׳אַ מצווה היינט צו טאַנצן.

אויף די טישן אויסגעשטעלט
כרמל־וויין און קאָניאַק.

ס'לעבן יידן אויף דער וועלט
להכעיס אַלע שונאים.

ס'איז דאָ היינט אַ חתונה
און די קלעזמער שפּילן
אויף די סטרונעס פון מיין האַרץ
פריידיקע געפילן.

רמת־אביב, מאַי 1968

# אין אַ קיבוץ
(פּאָעמע)

חיים און חנה פון שער הגולן —
חברים אין קיבוץ שוין יאָרן מיט יאָרן.
איז נאָנט צו דער ערד
דער חלוצישער שפּאַן —
און ס'זענען די הימלען נאָך
ליכטיקע, קלאָרע.

עס זענען די האָר אויף זיין נאַקעטן קאָפּ
שוין גרוי ביי די ראַנדן,
מיט זילבער די פּיאות,
און ס'קומט אָפּט זיין שוועסטער
פון שטאָט דאָ אַרויף —
אַ שעפּ-טאָן פון נחת
און אויסזיפצן ווייען.

זי קומט פונעם קרעמל,
אויף דיזענגאָף-גאַס,
צום ברודער, וואָס איז דאָ
אין קיבוץ אַ חבר.
איר קאָפּ איז פאַרדאגהט
און ס'פּנים איז בלאַס —
נאָר חיים איז דווקא דאָ מונטער
און זשוואַווע.

נאָר ס'רייסט זיך אַ טרויער אריין
אין געמיט
און ס'וויינט דאָ דער צער
פון פאַרשניטענע לעבנס.

דער גורל פון פוילנס פאַרפייניקטן ייד —
ס׳דאַכט זיך, מען זעט אין די הימלען
זיי שוועבן.

ס׳בענטשט חיים די יאָרן —
די פּערציק אין צאָל —
פון קבוצה ביז איצט
איז אַ ווייטער מהלך.
ס׳איז שער הגולן
אין מדינת ישראל —
ס׳האָבן אויך יידן
זייער שר — און זייער מלאך...

מיט אים איז דאָ אויכעט אַ וואונדער געשען:
אַ נס — ר׳איז מיט גאָט גאָרנישט
שווה-בשווה.
דאָך איז ער דאָ פרום עולה-רגל געווען
צו דער שטאָט ירושלים,
צום כותל-מערבי.

אַז חיימס משפחה האָט היטלער פאַרלענדט —
לאָזט ער אַ יידן זיי מאַכן אַ מלא
און ס׳וויינט אים דאָס האַרץ
און ס׳ציטערן הענט,
און ס׳מויל שיקט אויף יידישע שונאים
אַ קללה.

צוריק אין קיבוץ,
אין שער הגולן,
איז ס׳האַרץ נאָך צעוויטיקט
פון יידישע „אוי״ען...

אין יעטוועדן קרעכץ
איז בטחון פאַראַן —
און ס׳פאַלן אויף פעלדער
די לויטערסטע טויען.

*

דער קיבוץ צעוועקט זיך אין בלויען פאַרטאָג,
ווען ס׳שלאָפט נאָך די זון אין איר הימלישן בעטל.
און ס׳גיבן די הענט זיך מיט פליים אַ צעיאָג —
עס וועט דאָך קיין רגע נישט וואַרטן אויף שפּעטער.

ס׳איז ליב אַלץ און טייער, אין צער און אין פרייד,
די צייט פּותר־חלומט אין פאָלק די חלומות.
און ס׳פעלד איז צעאַקערט, מיט זוימען פאַרזייט,
און ס׳צייטיקן זיך אויפן ווייַנשטאָק די טרויבן.

ס׳מעלקן מאַשינען, אין שטאַלן, די קי,
אָט ציט מען אין נעצן די פיש פונעם וואַסער.
עס בלויט דער קאַיאָר און ס׳צעוויגט זיך די מי —
און ס׳שווימט די לבנה אַהיים שוין אַ בלאַסע.

ס׳צעבליט זיך מיט פּראַכט דאָ אין הויף דער צאַלון*)
מיט בלימעלעך צאַרטע, בלימעלעך רויטע.
דער וואָלקן פאַרשווינדט פון די בערג פון גולן —
נאָר ס׳וויקן נאָך שונאים אין שנאה די קנויטן.

*

אין קינדערהיים טומלען די קינדער מיט פרייד —
זיי שפּילן און טאַנצן און זינגען און לאַכן;
און ס׳איינגיקל חיימס באַווייזט מיר איר קלייד
און פירט מיך באַווייזן איר שאַפעלע זאַכן.

---

*) מאַדאַגאַסקער שאָטן־בוים.

די לערערינס זענען דאָ מאַמעס אַליין,
און ס'זענען די קינדער, ווי אייגענע אַלע.
ציטערט דאָס האַרץ שוין פאַר גרויס און פאַר קליין —
אַז ס'זאָלן חלילה קיין באָמבעס נישט פאַלן.

ס'טרעפט, אַז אַ באָמבע פליט אָן פון דער ווייט,
מיט פייער פון שונאים אויף יענער זייט גרענעץ,
און ס'ברענט שוין אַ דאַך דאָ און פלאַקערט פאַרשייט —
כעסן זיך כוואַליעס אין בלויען כנרת.

וועקט מען די קינדער פון שלאָף אויף ביי נאַכט,
מען פירט זיי צום מקלט *) —
מען דאַרף זיי באַשיצן.
און ס'דונערט ביים גרענעץ מיט פייער די שלאַכט,
און ס'שיקן חיילים אהינצו די בליצן.

ס'ווערט ברוגז און בייז אויך דער שטילער ירמוק **)
אָט וועט ער פון אומרו אַרויס פון די ברעגן.
ביז ס'שטעלט זיך צוריק איין דער סדר פון טאָג —
און ס'ווייסן שוין אַלע, מען דאַרף שוין נישט פרעגן.

*

ס'קומען אויף שבת אַהיים דאָ חיילים —
און ס'קומען חיילות אין געפּאַסטע מונדירן.
לעכצן די טאַטעס און מאַמעס נאָך שלום —
און ס'גייט זיך דאָס יונגוואַרג אין קיבוץ שפּאַצירן.

שמייכלען די טאַטעס און מאַמעס פון נחת,
ס'אַ פרייד ווען עס קומען די קינדער אויף שבת,

*) שוצקעלער.
**) טייך אין מדינת ישראל.

און יעדן גזלנישן האַרץ אויף להכעיס —
קווען די הערצער פון זיידעס און באָבעס.

אין פרייטיק-צו-נאַכטסן צענעמט מען די טישן —
און ס׳ווערט פונעם עסזאַל אַ טאַנצזאַל, אַ גרויסער.
אַ מוזיקער פירט דאָ די הענט אויף קלאַווישן —
מען איז אויך אין טאַנצן און זינגען דאָ עוסק.

עס פליעסקען די הענט דאָ צו ריטמישע קלאַנגען,
עס שפּילט דאָ ברקני*) אַ טאַנץ היינט אַ נייעם.
און ס׳ווערן אַלץ העכער אין זאַל די געזאַנגען —
און ס׳איז זיך דער עולם דאָ פּשוט מחיה.

*

עס שווייגט די פאַבריק דאָ און ס׳שווייגן מאָטאָרן,
און ס׳רוט דאָ די אַרבעט פון פּלאַסטישע שטאָרן.
ס׳איז שבת אין קיבוץ, אַ טאָג פון מנוחה —
און ס׳גרינען די פעלדער מיט מזל און ברכה.

אין שטיבעלעך קליינע מיט רויטלעכע דעכער —
לייענט מען ביחידות, ווער שטילער, ווער העכער —
און ס׳וואַקסט די הנאה פון פּאָליצעס ביכער —
און ס׳לויפן די שעהען שוין גיכער און גיכער.

ווען זון שיקט די לעצטע פאַרנאַכטיקע שטראַלן,
האָפט מען, אַז ס׳וועלן קיין באָמבעס נישט פאַלן,
און ס׳וועלן די שכנים נאָך לעבן בשלום
און וועבן און שפּינען אַ גליקלעכן חלום.

---

*) מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר, נישט צו פאַרמישן מיט דעם אויבנ־דערמאָנטן חיים.

# אין אַשדוד

נייע הייזער און טעראַסן
שטייען שטאָלץ אין מדבר־זאַמד.
אויסגעפלאַסטערט שוין די גאַסן —
יידן בויען זיך אַ לאַנד.

גערטנדלעך, קאָלירטע בלומען,
גרינט דאָס גראָז און ס׳וואַקסט דער בוים.
און די נייע עולים קומען
צו אַ תכלית פון אַ טרוים.

ס׳קומען עולים, אַלטע, יונגע,
אויף די פליגל פון „אל־על" —
ווערט די שטאָט מיט פרייד צעזונגען —
און באַלויכטן פון חשמל.

נייע שויבן אין די פענצטער.
ערגעץ פּאַשעט זיך אַ ציג.
אויף די שטריק איך זע די שענסטע
ווינדעלעך פאַר קינד אין וויג.

יונגע טאַטעס ביי דער אַרבעט,
יונגע מאַמעס, שטאַרק פאַרטאָן.
אַך, ווי ליכטיק, שיין און פאַרביק
ס׳איז די ווונדערשטאָט
אַשדוד.

אַשדוד 1968

# אין שער הגולן

כ'האָב קיין מאָל נישט געזען ווי ס'וואַקסן טייטלען —
שטיי איך דאָ ביים טייטלבוים און גאַף.
זיי וואַקסן אין דער הייך דאָ, ווי געקייטלט,
ווי אַ ליד, וואָס וואַקסט אין באַשאַף.

ס'איז יעדעס אָרט אַרום מיר פול מיט וווּנדער,
מיט וווּנדער, ווי אין חדר פון אַ מאָל.
עס וואַקסן אויף די בערג דאָ יעקבס קינדער —
ס'וואַקסן יידן אין ישראל.

ס'איז אַ חידוש מיר, ווי ס'וואַקסן טייטלען,
און ס'איז אַ חידוש מיר וואָס כ'לעב נאָך יעדן בראַנד.
אַזוי ווי שמשון ריים איך דאָ די קייטן,
בעת כ'זע ווי יידן בויען זיך אַ לאַנד.

כ'האָב קיין מאָל נישט געזען ווי ס'וואַקסן טייטלען —
שטיי איך דאָ און קוק אַרויף צום בוים,
זיי וואַקסן אין דער הייך דאָ, ווי געקייטלט,
ווי ס'וואַקסט די וואָר אין מיין טרוים.

יוני 1968

# איבער הויכן פון גולן

איבער הויכן פון גולן,
און אין טאָלן פון גליל,
האָט זיך אויסגעגלייכט מיין שפּאַן —
ס'איז די גרענעץ
נאָך נישט שטיל.

ס'פאַלן באָמבעס פון דער ווייט —
אַרבעט מען אין פעלד געאיילט —
טאָג נאָך טאָג
און שעה נאָך שעה,
ס'איז קיין שלום נאָך נישטאָ.

נאָר אַ ווילן איז פאַראַן,
און בטחון איז פאַראַן
אין די טאָלן פון גליל —
איבער הויכן פון גולן.

מדינת ישראל, יוני 1968

## ביי דער גרענעץ

ס׳קריכן די קינדער אַרויף
אויף די טאַנקען
און שפּילן זיך מיט די חיילים.
דאָס שענסטע געשאַנק פון אַלע געשאַנקען —
איז שלום און שלום
און שלום.

פאַלן נאָך יידן דאָרט,
האַרט ביי דער גרענעץ,
פאַלן אין לאַנד פון ישראל.
מען שיסט נאָך פון ירדן
אַריבער דער גרענעץ,
מען שיסט נאָך פון באַרג
און פון טאָל.

וואַכן חיילים
אין גרינע מונדירן
אויף טאַנק פון געפּאַנצערטן שטאָל.
און ס׳לעבט דער בטחון,
אַז ס׳וועט דאָ דערפירן
צו שלום, דאָס לאַנד פון ישראל.

ווען שטיל איז די גרענעץ,
קריכן די קינדער אויף טאַנקען
זיך צו שפּילן.
זאָל דער שונא קיין יידישע היימען
נישט צינדן,
אין יידישע לעבנס —
נישט צילן.

**שער הגולן, יוני 1968**

# אין אילת

ס'איז גליִענדיק־הייס אין אילת —
די זון איז נישט קאַרג אויף קיין פייער.
און אונדזער מדריך איז אַ כוואַט,
און ס'לאַנד איז אים ליב דאָ און טייער.

אַ טאָל מיט אַ גאַרטל פון בערג —
ווי זיילן געפורעמטע, הויכע.
די צייט האָט באַשאַפן איר ווערק —
ס'איז נישט פאַר קיין מענטשלעכע כוחות.

ס'קומען אַהער דאָ פאַר טאָג
די קעמלען פון ירדן זיך פאַשען —
וועט קיינער נישט געבן קיין יאָג,
ס'וועט קיינער נישט פרעגן קיין קשיות.

דער האַפן איז ניי אין אילת —
און פיבערדיק לאָדט מען די שיפן,
וואָס שווימען אַוועק אין דער וועלט
דורך כוואַליקע ימען און טיפן.

פיש איז פאַראַן אין אילת,
פאַרביקע פישלעך אין ים־סוף.
דער מדריך, אַ סאַברע, אַ כוואַט —
האָט ציינער געזונטע, וואָס בלאַנקען.

אַליץ, וואָס ער זאָגט, איז געשען —
אַזוי איז פאַרשריבן אין לוח,
ווי ער וואָלט אַליין דאָ געווען
שלמה המלכס שליח.

אילת, יוני 1968

# יד־ושם

עס ברענט דער נר־תמיד,
וואָס פלאַקערט אין האַרצן —
ס'פלאַמט דאָ דאָס פייער
וואָס ברענט אונדז אין לייב.
פון נעכטנס פאַרגאַנגענע,
פינצטערע, שוואַרצע —
זכרון, פאַרגעס נישט,
פאַרצייכן, פאַרשרייב!

פאַרשרייב דאָ פאַר דורות,
וואָס וועלן נאָך קומען
באַוויינען, באַקלאָגן,
דעם אייביקן ייד.
און אפשר וועט עמעצער
קדיש דאָ זאָגן?
און אפשר וועט עמעצער
שרייבן אַ ליד?

אַזוי פיל קרבנות,
קדושים וטהורים.
אַזוי פיל קהילות
צו שאַנד און צו שפּאָט.
און רערלעך בלויז זיבן
האָט אונדזער מנורה,
און ס'שרייט אַלץ דאָס אומגליק
צום איינציקן גאָט.

איך הער דאָ דאָס קרעכצן
און יאָמערדיק וויינען —
מיין האַרץ איז שוין לאַנג דאָ
אין צערפּולן קלעם.
ס'פאַרמאָגט דער נר־תמיד
אויך ליכטלעך, וואָס שיינען —
און ס'לעבן נאָך יידן, און ס'לעבט
יד־ושם.

יוני 1968

# ביי דער מערת־המכפלה

אין מאָסק,
וווּ עס ליגן די אָבות
און אמהות באַהאַלטן —
דאַוונען היינט מוסולמענער.
ס'איז פרייטיק ביי טאָג,
און די זון האָט צעשטראַלט זיך,
און ס'קלינגען דאָ
פרעמד מיר די טענער.

עס קלינגען די קולות אַהער
פונעם מאַרקפּלאַץ,
מען שטופּט אין די הענט
סוּווענירן —
אַ פּחד, אַ פרעמדער, אין האַרצן
פאַרשטאַרקט זיך:
ס'איז חברון —
דערציילט אונדז דער פירער.

עס קניִען ביים מאָסק דאָ
אַראַבישע קעמלען,
און גרייטע, מען זאָל אויף זיי רייטן.
און ס'איילן אַראַבער און האַוועןן
און טומלען,
מסתּמא אַזוי ווי פאַרצייטנס.

עס לאָזט אונדז דער שמש
אין מאָסק נישט אַריינגיין —
עס דאַוונען היינט מוסולמענער.

מיר קוקן פון דרויסן —
מיר מוזן פאַרבייגיין,
און ס׳קלינגען פון תפילות
די טענער.

יוני 1968

## אין צפת

שטילע געסלעך,
קרומע הייזער —
טרעפּ־אַראָפּ
און טרעפּ־אַרויף.
ס'וועט די גאולה זיך באַווייזן
דאָ, אין צפת —
און אין אַ קלויז.

פרומע יידן,
בערג און טאָלן,
און אַן עירוב אויף אַ סלופּ.
שטילע סודות פון קבלה —
באַרג־אַרויף
און באַרג־אַראָפּ.

ס'דינגען קינסטלער דאָ
אַטעליעס —
שטיבלעך, חורבות,
גרוי און אַלט.
אפשר וועט שאַגאַלס קאַפּעליע
זיך באַווייזן
דורך אַ שפּאַלט.

אפשר וועט מען דאָ פאַרקויפן
נאָך אַ לאַנדשאַפט,
אַ פּייזאַזש —
דאַטשניקעס אין ענגע הויפן,
מיט אַ תל־אביבער רעש.

יוני 1969

# אין פתח־תקווה

(געווידמעט דעם דיכטער י. צ. שאַרגעל)

כ'זיץ און לייען אַ ליד, צי מער,
אַנטקעגן זיצט אַ דיכטער.
ער שפּיצט די אויערן אָן און הערט —
איך בין אין פּתח־תקווה.

עפּנט אויף אַ ייִד די טיר,
בלויז אַזוי ווי אַ שפּאַרע,
זיין אומרו דרינגט אַריין אין מיר
דורך אויגן אַ פּאָר שטאַרע.

שטעל איך גיך דאָס לייענען אָפּ,
דוכט זיך, אויף אַ ווײַלע.
פרעגט דעם דיכטערס גרויער קאָפּ
שווייגנדיק אַ שאלה.

און ער שעפּטשעט: לייענט נאָך, לייענט -
ס'איז חבריש דער אופן —
ס'וועט דער ייִד, מיין ליבער פריינד,
אין ערגעץ נישט אַנטלויפן.

פּתח־תקווה, יוני 1969

## אין נגב

נגב, דו זאַמדיקער שייער,
מיט היילן אין בערגיקן שטיין.
גאָט שיקט פון זון אָן דאָס פייער,
דער ווינט טראָגט דעם קרעכץ און ס׳געוויין
פון דורות, וואָס שווייגן דאָ שטומע,
פון נסים אין אוראַלטע טעג —
ווען ס׳האָט דאָ געוואַנדערט מיין אומה
מיט באָרוועסע פיס אויף דיין וועג.

נגב, דו האַרץ פון כאַמסינען,
מיט שויבער און שוידער פון ווינט.
דאָ וויל איך מיין שלווה געפינען
פון גורל, ווו ס׳האַווקען די הינט.
זיי וואָיען, ווי ס׳וואָיען שאַקאַלן,
זיי ווייסן אַליין נישט פאַר וואָס.
איך גיי איצט דורך דיר צו די שטראַלן —
מיט ליכטיקן יידישן אות.

## אין אַ שטילער נאַכט

אין אַ שטילער נאַכט
זיץ איך און כ'טראַכט
אין מיין צימער.
און בלויז דאָס האַרץ קלאַפּט אויס
אַ ליד
צו מיינע מידע גלידער.
איך טראַכט:
איך בין שוין אַלט
און כ'שרייב נאָך אַלץ דאָ
ליבעלידער.

איך שרייב זיי צו חיילים
און חיילות
ביים ים-סוף אין אילת —
און איבער הויכן פון גולן:
זייט מצליח אין אייער טראָט,
און געבענטשט זייט
אין אייער שפּאַן.

איך בעט דיך, גאָט,
ווי מיין מאַמע האָט געבעטן
אין איר תחינה:
באַשירעם און באַשיץ מיין פאָלק,
פאַרהיט פון בייז און שלעכטס
די יידישע מדינה.

אין אַ שטילער נאַכט
זיץ איך און כ'וואַך
אין מיין צימער.
איך בין שוין אַלט
און כ'שרייב נאָך אַלץ דאָ
ליבעלידער.

**דעצעמבער** 1969

**וולאַדימיר חפץ, דער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט געשאַפן מוזיק צו מיינע לידער איז מער נישטאָ צווישן אונדז.**

כבוד זיין אָנדענק.

# Ich Tracht Vegn Negev

Words by
N. David Korman

Music by
Vladimir Heifetz

Allegretto

p

Zamd un hi - ml un cham - si - nen Zamd un bei - ze vin - tn, hei - se; Ai! Ai!

Ai! Ai! Be - du - i - ner ka - ra - va - nen

shlept in der vait a mai - se Oif hoi - ker - di - ke, mi - de kem - len

# Ich Tracht Vegn Negev

ze-tzn zei zich tzu un drim-len Ai! Ai! Ai! Ai!

Bai a blo-ti-ker ka - lu - je Vos-je vil men fun a mid-bor,

vos - je? S'iz a-zoi ge-ven far-tzai-tns, S'iz a-zoi ge-ven ersht nech-tn

Biz a folk iz on - ge-ku - men Fun re-di-fes un fun shlach-tn

# Ich Tracht vegn Negev

Un ge-shtelt zich fli-sik bo-yen Na-ye hai-zer un fa-bri-kn

Na-ye ga-sn un sho-se-yen Un a lich-tik na-yem i-ker.

Un der zam-dik vis-ter Ne-gev Shpant zich ain in ze-yer ro-tzn

Boit men hai-zer un te-ra-sn Un men a-kert oif dem bo-dn

# Ich Tracht Vegn Negev

Ai! Ai! Ai! Ai! Fun di vai-tn tzit men

va - ser Fa-rn feld un boim un sho - tn

Vakst a vun-der shei-ne mai-se Far di kin-der yun-ge klei-ne, Ai! Ai!

Ai! Ai! In a kin-der heim, a rei - ne,

# Ich Tracht Vegn Negev

Ven der ta - te un di ma - me Iz mit ar - bet on - ge -

lo - dn, dz in zam - dik - vil - dn Ne - gev

Zol - tze - zin - gen zich der bo - dn.... Zol tze - zin - gen

zich der bo - dn Ai! Ai! Ai - Ai ——

# Oib Mir Veln

Words by
N. David Korman

Music by
Vladimir Heifetz

Tempo di marcia

*f*

*mf* Oib mir ve-ln zich ba - mi - yen Vet der Ne-gev zich tze-bli-yen Vet der Ne-gev zich tze-bli-yen Vet der Ne-gev zich tze-gri-nen I-ber zam-dn un cham-si-nen. Oib mir ve-ln sich ba - mi — yen

*mf*

poco rit.

poco rit

# Oib Mir Veln

Andantino

mp

I-ber zam-dn, ye-le, hei - se Vet a gar-tl fun par-dei - sim

Zich tze-gri - nen un tze-bli - yen a ——

Zich tze-gri - nen Un tze-bli - yen Noch a ki - butz Noch a yi - shuv

Noch a shtot un Noch fa-bri - kn noch a tanz un noch a chu - pe

# Oib Mir Veln

a —

Noch a ze - mer oif di li - pn

Noch a fu - le shul mit kin - der, Noch a sta - de shof un rin - der

Noch a kust ko - lir-te blu - men, Un a gor-tn vos vet ku - men

Ful mit freid un ful mit vun - der

mf Oib mir ve-ln zich ba-

mf

# Oib Mir Veln

mi - yen Vet der Ne-gev zich tze - bli-yen, Vet der Ne-gev zich tze-

bli-yen Vet der Ne-gev zich tze - gri-nen, I - ber zam-dn un cham-si - nen. Oib mir

poco rit. . . . . . . .

ve - ln zich ba - mi ——— yen ———

poco rit. . . . . .

Words by
N. David Korman

# A Tfile Tzu Der Velt

Music by
Vladimir Heifetz

*Andante Religioso*

p

Far-

gin unz un-zer lid fun a-le li-der — Dem shir ha-shi-rim — Di shein-kait

fun main yu-gunt. Ich bet dich velt kuk nisht i-ber undz a-ri-ber Vish

ois di bri-ln dai-ne fun shvar-tzn sa-je ruich un ze: mf Ez

mf

# A Tfile

Tempo di marcia

kumpt main folk fun ge - tos un fun gri - ber Fun so - nim's me - ser - di - ke hent un

do i - res - di - ken vei Keim koim mit ni - sim fu - nem chur - bn sich der - shlu - gen

Dem shti - kl land, Di nach - le un di fon. Un vi - der vi - ln so - nim unz far -

yo - gn Un vi - der iz main u - me ain - ge - shtelt in kon ch'far -

# A Tfile

ri - ber . . . Far - gin unz un-zer lid fun a - le li - der —— Dem shir ha-

shi - rim, —— Di shein-keit fun main yu - gnt.

Tempo di marcia

Krig is kein-mol nit ge-vn Ba unz kein tu-gent . . . Mir zai-nen yi-dn, Iv - rim nit kain

dai - tehn . . . . S'iz shoin ge-nug mit fa - yer unz tzu bai - tshn —— Mit

# A Tfile

ha - kn - krai - tzn bre - nen di - ke tz'ib - mim Mir ho - bn mer vi

un - dzer chei - lik tzar ba - ku - men - - - Ich bet, ich bet dich velt,

kuk nit i - ber unz a - ri - ber In sho - en fun nis - o - yn In

sho - en fun nis - o - yn. Loz far unz dos fra - ye le - bn i - ber

# אינהאַלט:

## דאָ־הי



## מאַמע־לשון

## אַ סטעזשקע צו דער זון



## אויף אינדזלשער ערד

## אין פּוילן



## פונקען אין אַש

## אין לאַנד פון די אָבות

**פון דעם זעלבן מחבר:**

**„אויף אינדזלשער ערד"** (לידער)

האוואנא, קובא, 1927.

**„בארג ארויף"** (לידער און פאעמעס)

פארלאג „פריינט", פילאדעלפיע, 1943.